# די זעליקאוויץ יובילעאום קאמיטעט

אין דעם פופציג־יעהריגען יובילעאום פון פראפעסאר ג. זעליקאוויץ האבען אנטהייל גענומען הונדערט פון די פראמינענטעסטע אידען פון אלע קלאסען אין ניו יארק. היער איז א טהייל פון דער יובילעאום קאמיטעט :

### רבנים און רעווערענדס :

דר. בערנארד דראכמאן, צ. ה. מאס־ליאנסקי, פ. יחס.

### ריכטער :

האנ. נייטען ביזשור, האנ. אטטא א. ראזאלסקי, האנ. לעאן סענדערס.

### שטאאטס מענער :

קאנגרעסמאן הענרי מ. גאלדפאגעל, האנ. אב. י. עלקוס.

### צייטונגס־ארויסגעבער און רע־דאקטערע :

יחזקאל שרהזאהן, לעאן קאמאיקי, יעקב סאפירשטיין, לואיס ע. מיללער, אב. גאלדבערג, י. מארינאוו, חנן י. מיניקעס.

### פראפעסארען :

דזשאזעף דזשייקאבס, דזשאזעף קא־האן, סאמועל א. ביניאן.

### שריפטשטעלער :

א. אלען, ג. בובליק, הערמאן בערנ־שטיין, י. ד. אייזענשטיין, י. זעווין, דר. מארים פישבערג, מארים ווינטשעווסקי, פ. וויערניק, א. גאניקמאן, יהואש (סאל. בלומגארטען), לעאן זאלאטקאף, אברהם רייזען, מ. מ. דאליצקי, ש. פריידוס, יעקב פישמאן, אברהם שאמער, אליקום צונזער, א. ה. ראזענבערג.

### מוזיקער :

א. מינקאווסקי, איזידאר זאקס, ה. א. רוסאטא, סאל. סאקאלסקי, ד. קאהען.

### באנקירען :

יאזעף ס. מארקוס, מאקס קאברע, א. ל. קאסס.

### כלל־טהוער און ביזנעס־לייט :

האנ. יוסף באראנדעס, דר. הענרי מאסקאוויטץ, לעאנארד ג. ראבינסאן, בערנארד ג. ריטשארדס, סאמועל מייסאן, סאמועל דארף, איזראעל וואולף, פיליפ זאקס, אלבערט ראזענבלאט, אלבערט קרו־גער, דר. פליישמאן, וויליאם פישמאן, דר. א. מ. הילקאוויטץ, טש. הירש, יצחק גאלדבערג, יעקב מזל, לואיס קראם, סא־מועל ראזענטהאל, ס. מ. ראזענטהאל, ה. סוראמא, מ. סטאל, ש. גראלמאן, הערמאן ל. ווינער.

### ביכער־פערלעגער :

יהודה קאטצענעלענבאגען, מ. חינסקי, דוד ווערבעלאווסקי.

ווי אויך פערציג אידישע און העברעאישע ארגאניזאציאנען פון ניו יארק און פראווינץ.

# Selikovitsch Jubilee Committee

**PROF. JOSEPH KAHN, Chairman.**

**J. Katzenelenbogen,** Treasurer. **David Werbelowsky,** Secretary.

**Arrangements Committee**

LEON KAMAIKY, Chairman
Herman Bernstein
Meyer Chinsky
Dr. Maurice Fishberg
Isidor Sachs
Jacob Saphirstein
E. Sarahson
David Werbelowsky

**Press Committee**

P. WIERNIK, Chairman
G. Bublik
A. Gonickman
B Shelvin
Israel J. Zevin

**Souvenir Committee**

Sol. Bloomgarden (Jehoash)
G. Bublik
M. Chinsky
Prof. Jos. Kahn
B. Shelvin
Herman L. Winer

**Reception Commitee**

Hon. Joseph Barondess
Hon. Nathan Rijur
Hon. Abraham I. Elkus
Prof, Joseph Jacobs
Rev. H. Masliansky
Ch. J. Minikes
Hon. Otto H. Rosalsky
Hon. Leon Sanders
I. J. Zevin

## יובילעאום אויסגאַבע

# געקליבענע שריפטען

— פון —

# פראָפ. ג. זעליקאוויץ

(מיט זיין ביאָגראַפיע און בילד).



I. סקיצען און ערצעהלונגען.

II. פּאָעזיען און דעקלאַמאציאָנען.

III. רעפעראטען (לעקטשורס) און פילאָזאָפישע אָבהאַנדלונגען איבער מוזיק, דראַמאַ, פּאָעזיע, ליטעראַטור און קונסט.

ארויסגעגעבען פון דער

זעליקאוויץ יובילעאום קאָמיטע

נויאָרק, 1913

# JUBILEE EDITION

**COLLECTION OF WRITINGS**

Prose aud Poetry

by

# PROF. G. SELIKOVITSCH.

**Issued on the occasion of his fiftieth anniversary,**

**New York, February, 1913.**

# אינהאַלט פערצייכניס

## ערנסטע און הומאָריסטישע סקיצען



## פּאָעזיע און דעקלאַמאַציאָנען

## רעפעראַטען

# אַ קורצע ביאָגראַפיע פון יובילאַר

(איבערגעגעבען פון די מעמבערס פון דער פּרעס און סאָוועניער קאָמיטעס פון דעם זעליקאָוויץ יובילעאום).

שבת, דער 23טער מאַי, 1863, ערשטער טאָג שבועות תרכ"ג, האָט מען געשיקט אָנזאָגען אין שוהל ר׳ דוד בערציג'ס אַז אַ זוהן איז איהם געבאָרען. אין דער קליין שטעדטעלע ריטעווע, קאָוונער גובער-ניע, איז צוגעקומען נאָך אַ נפש.

דער נייער גאַסט פון ריטעווע איז געווען געציל זעליקאָוויץ, אונזער בעל-היובל.

מעהר ווי אַלע האָט זיך דאַן געפרעהט די מוטער רחל, וואָס זי וועט האָבען אַ נאָמען נאָך איהר זיידען, אַ רב. אָבער דער פאָטער האָט געוואָלט ניט אַנדערס אַז דער ניי-געבוירענער זוהן זאָל הייסען נאָך ז י י ן זיידען, ווייל ער איז געווען אַ פרומער איד, כאָטש אַ ישוב-ניק אָהן תורה, אין אַ דאָרף נעבען שילעל. צוערשט קומט יראת שמים, האָט דער פאָטער געזאָגט, און ער האָט געזיעגט.

# די בהלות אין ריטעווע

עס איז געווען אַ צייט פון שרעק און בהלות אין גאַנץ קאָוונער גוב., ווייל דאַן איז געווען די ענדע פון לעצטען פוילישען אויפשטאַנד גע־גען רוסלאַנד, אַן אויפשטאַנד וואָס האָט זיך געענדיגט מיט די שרעקלי־כע טראַגעדיע פון 19טען יאָהרהונדערט, ווען 50 טויזענד פּאָליאַקען זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען ווי לעמער, און איבער הונדערט טויזענד זיינען פערשיקט געוואָרען אין סיביר. ריטעווע, פּונקט ווי אַלע אַרומיגע שטעדטלאַך אין זאַמעט, האָט דורכגעמאַכט אַ פעריאָדע פון טויט-שרעק, ווייל קיין איד איז געווען זיכער מיט זיין לעבען. הײנט האָבען פוילישע רעוואָלוציאָנערען געהאַנגען אין מיטען שטעד־טיל אַ אידען, ווייל ער האָט ניט אַזוי גיך געוואָלט אָוועקשענקען זיין פערד צו די „מאַטעזשניקעס“, און מאָרגען האָבען די רוסען געהאַנגען אַן אַנדער אידען אויף די בעשולדיגונג אַז ער האָט געגעבען אַ גלאָז מילך צו אַ פערשמאַכטען פוילישען פּאַריץ פון די בונטאָוו־ציקעס. די אידען זיינען דאַן געווען צווישען צוויי פלאַמען, און די קליינע ריטעווע האָט געליטען מעהר ווי אַלע שטעדטלאַך אַרום.

---

# געצילקע דער עלוי אין פּאַריז און סודאַן

ר׳ דוד זעליקאָוויץ, דער פאָטער פון יובילאַר, האָט געהאַלטען אַ לעדער־קראָם, דאָס איינציגע לעדער-געשעפט אין ריטעווע — אָדער ריכטיגער: זיין ווייב רחל האָט געהאַלטען דיזע קראָם ווערהענד איהר מאַן איז געזעסען יום ולילה און געלערענט. ווען געציל איז אַלט געווען צעהן יאָהר, איז זיין נאָמען געווען בעקאַנט אַלס „געצילקע דער ריטעווער עילוי“. ער האָט געקענט כמעט אויסווענדיג פינף הונ־דערט בלאַט גמרא — ניט נור אויפ׳ן דף, זאָנדערן אויך „אויפ׳ן נאָדעל“.

ביז זעכצעהן יאָהר האָט ער געלערענט אין גרויסע ישיבות, אויסמיידענדיג טעג עסען, און נאָכדעם ווי ער איז שוין געווען ראוי צו קריגען סמיכה אויף רבנות, כאָטש ער איז נאָר אַלט געווען בלויז אַכצעהן יאָהר, האָט ער אָבגערייזט נאָך פּאַריז וואו ער איז באַלד אויפגענומען געוואָרען אַלס העברעאישער לעהרער ביי דעם בעוואוסטען רייכען פילאַנטראָפּ מיכאל ערלאַנגער. אין יאָהר 1879 האָט זעליקאָוויץ זיך צוגעגרייט צו אַ הויך-שוהלע אין פּאַריז, און פון דאָרט אין קאַלעזש פון אָריענטאַלישע שפּראַכען. צו יענער צייט האָט ער אָנגעפאַנגען צום ערשטען מאָל שרייבען אין העברעאישען „המגיד" פון ליק, רעדאַקטירט פון ר' דוד גאָרדאָן, און אין די אידיש-פראַנצויזישע וועכענטליכע בלאַט **Univers Israelite** רעדאַקטירט פון אָבער-ראַבינער וואָג. ער האָט בעזאָנדערס זיך גענומען צו די אַלט-עגיפּטישע שפּראַך (כתב החרטומים), ווי אויך די עטהיאָפּישע און אַראַבישע שפּראַכען.

אין 1885 האָט זעליקאָוויץ אָבגערייזט נאָך עגיפּטען אַלס אַראַביש-ענגלישער דאָלמעטשער, מיט די ענגלישע מיליטערישע עקספּעדיציאָן וואָס איז געגאַנגען בעפרייען גענעראַל גאָרדאָן פון כאַרטום (אפריקא). זעליקאָוויץ האָט דאַן בעלאַנגט צום גענעראַל-שטאַב פון לאָרד וואולסלי, סער עוולען וואוד און לאָרד קיטשנער, און זיין ראַנג איז דאַן געווען עהרענ-ליטענאַנט. אין סודאַן האָט פּאַסירט אַ מערקווירדיגער אינצידענט וואָס די ענגלענדער האָבען פערלאָרען צוויי גרויסע שלאַכטען, און לאָרד קיטשנער האָט דאַן בעשולדיגט דעם יונגען זעליקאָוויץ, אַז ער האָט צופיעל סימפּאַטהיע געצייגט צו די אַפריקאַנער אין אויספרעגען די געפאַנגענע, אַז דאַרום זיינען די שלאַכטען פערלאָרען געגאַנגען. זעליקאָוויץ האָט מעהר ניט געוואָלט פערבלייבען ביי די ענגלענדער און ער האָט געמאַכט די רייזע צוריק צו ציוויליזאַציאָן דורך אַביסיניען (כוש), און ווען ער איז געווען צוריק אין פּאַריז, האָט ער זיך אָבגערעכענט מיט לאָרד קיטש-

נער און אַרויסגעגעבען אַ סוד וואָס ער האָט ביז דאַן געהאַלטען אין געהיים, אַז דיזער לאָרד און גענעראַל האָט געהייסען שיסען אַ פּאַריזער זשורנאַליסט אַלס שפּיאָן פון פאַלשען נביא מוחאַמעד-אַחמעד, געגען וועמען די ענגלענדער האָבען די מלחמה געפיהרט. דער פראַנצויזישער זשורנאַליסט איז אין דער אמת קיין שפּיאָן ניט געווען.

---

## זיין ליטעראַרישער אָנפאַנג

אין אייראָפּאַ האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורם, פראַנקרייך מיט ענגלאַנד זיינען געשטאַנען אויפ'ן שוועל פון מלחמה צוליעב די סודות פון אונזער ריטעווער עילוי, און ענדליך, אין נאָמען פון שלום, האָט ער געשיקט אַ בריעף צום פראַנצויזישען מיניסטער פּרווי-סינע אַז ער איז ניט אין גאַנצען זיכער ,נאָך אַלעמען, אויב דער דער-שאָסענער איז ווירקליך געווען דער פראַנצויז. דאָס אַלעס זיינען פאַקטען וואָס בעלאַנגען צו דער היסטאָריע, כאָטש זיי קלינגען אַזוי ווילד. זייענדיג אין פּאַריז האָט זעליקאָוויץ פיעל געשריבען אין די פּאַריזער טעגליכע צייטונג ל'אינטראַנסיזשאַן", ווי אויך אין די אַראַבישע בלאַט „אל אהראַם" (די פּיראַמידען) פון מצרים, און ער האָט נאָך געפונען צייט צו שיקען זיינע בעריהמטע ליטעראַרישע פּע-לעטאָנען אין העברעאיש, פעליעטאָנען און רייזע-בילדער וואָס האָבען געמאַכט אַ סענסאַציאָן, אויב זיי זיינען געווען געדרוקט אין דעם ראַדיקאַלען „המליץ" פון פּעטערבורג, רעדאַקטירט פון אונשטערב-ליכען יהודה ליב גאָרדאָן, אָדער אין „המגיד" פון ליק (פּרייסען), רעדאַקטירט פון ר' דוד גאָרדאָן, אָדער אין „כנסת-ישראל" פון וואַר-שאַ, רעדאַקטירט פון שפ"ר. אַלע משכילים האָבען ערוואַרטעט מיט בעגייסטערונג זיינען פעליעטאָנען, אמרי מדע, סקיצען און אויך קורצע שירים, ערשטענס דורך זייער סטיל, צווייטענס דורך זייער

פּאָעטישען געשמאַק און עסטהעטישען געפיהל. אין יענער צייט האָט ער אויך עקזאַמען געהאַלטען מיט ערפאָלג אין סאָרבאָן, געקראָגען די העכסטע דיפּלאָמאַ אין דער אבטהיילונג פון פילאָלאָגיע, אַלטע שפּראַכען און איבערהויפּט עגיפּטאָלאָגיע — די אַלטע שפּראַך און ליטעראַטור פון מצרים, איבער וועלכע ער האָט פיעל געשריבען ניט נור אין העברעאיש, זאָנדערן אויך אין פראַנצויזיש און שפּעטער אין ענגליש.

---

## אין אַמעריקא

נאָך אַ קורצע רייזע נאָך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, סמירנא, אַטהען, רוים, טוניס, אַלדזשיר און מאַראָקאָ, מיט וויסענשאַפּטליכע עקספּעדיציאָנען, האָט דער אַמאָליגער ריטעווער עלוי ענדליך אַבגערייזט נאָך די פעראייניגטע שטאַאַטען, נאַכדעם ווי ער האָט ווידער פערבראַכט אַ קורצע צייט אין פּאַריז אַלס פראַנצויזישער זשורנאַליסט. זיין ערשטע סטאַציאָן איז געווען פילאַדעלפיא, וואו ער איז געקומען מיט אַ רעקאָמענדאַציאָן צו אַדמיראַל דזשאָהן מאַקאָלי, פּערפאַסער פון אַ ווערטער-בוך אין אַלט-עגיפּטיש-ענגליש, ווי אויך צו פּראָפעסאָר דזשאָהן לעסלי, אַן אָריענטאַליסט. דיזע צוויי האָבען איהם פאָרגעשלאָגען אַלס פּראָפעסאָר פון אַלט-עגיפּטיש אין דער אוניווערזיטעט פון פּענסילווייניא, נאַכדעם ווי ער האָט געהאַלטען אַ לעקטשור (רעפעראַט) אין פרענקלין אינסטיטוט איבער דעם אורשפּרונג פון ציוויליזאַציאָן אין מצרים אַ צייט פאַר יוסף. דורך אַ ניט-געלונגענעם שדוך, ווי אויך אינטריגעס פון אייניגע יעזואיטען אין אוניווערזיטעט, האָט זעליקאָוויץ געמוזט זיך ענטזאַגען פון זיין שטעלע און ער האָט געגרינדעט אין ניו יאָרק דעם „פאָלקס-אַדוואָקאַט“, די ערשטע אידישע וואָכענבלאַט וואָס האָט געשריבען ריין אידיש, ניט אין גע-

בראָכענע דייטש. מיט צוויי יאָהר שפּעטער איז ער אריין אין „אידי־שען טאַגעבלאַט“ און „אידישע גאַזעטען“ פון ר׳ כתריאל צבי שרה־זאָהן. דאָרט האָט ער פאָרטגעזעצט זיין זשורנאַליסטישע טהעטיגקייט ביז היינטיגען טאָג, מיט דריי אונטערברעכונגען, ווען ער איז געוועזן דער רעדאַקטאָר, וועהרענד צוויי יאָהר, אין שיקאַגאָ, פון „אידישען טאַגעבלאַט פון דער וועסט“, און שפּעטער רעדאַקטאָר פון „אידישען אָדלער“ אין באָסטאָן, די „טעגליכע פּרעסע“ אין ניו יאָרק, און דער רעדאַקטאָר פון „אבענד פּאָסט“, ביי מר. יעקב סאַפּירשטיין אין ניו יאָרק — די צייטונג וועלכע איז שפּעטער מגולגל געוואָרען אין אידי־שען „מאָרגען זשורנאַל“ — נאָך דיזע אייניגע אונטערברעכונגען איז זעליקאָוויץ ווידער אָנגעקומען אין „טאַגעבלאַט“ (אין 1901), וואו ער איז נאָך יעצט אַלס איינער פון די רעדאַקטערע. אין 1893 האָט ער געהייראַט אין ניו יאָרק מיט מיס בערטהאַ בערמאַן. די חתונה איז געווען אין רעדאַקציאָן פון „טאַגעבלאַט“ מיט גרויס פּאַראַד.

---

## זיין אידישע פעדער

די לעזער האָבען יאָהרען־לאַנג איהם געקענט אונטער פערשיע־דענע נעמען, ווי: וחלקלקות, ליטווישער פילאָזאָף, סמבטיון, באַראָן יקום פורקן, ליטווישע חכמניות, עסטהעטיקוס, א. ז. וו. אָבער, די לעצטע צעהן יאָהר האָט ער כמעט אַלע יענע פּסעוודאָנימען אוועקגע־וואָרפען און איז געבליבען ביי דריי נעמען: זיין פולען נאָמען פיר ערנסטע אַרטיקלען, סמבטיון — פיר פעליעטאָנען און סקיצען, און ליטווישע חכמניות — פיר אַרטיקלען וואָס האָבען אַן אינטערעסע פיר פרויען. אויך האָט ער געשריבען און בעאַרבייט אייניגע ראָ־מאַנען אויף פערלאַנג פון פערשיעדענע אַרויסגעבער. ראָמאַנען וועל־

בע האָבען אפשר ניט קיינע ליטעראַרישע פּרעטענזיעס, לויט ווי ער אַליין זאָגט אין זיין העברעאישע אויטאָביאָגראַפיע אויף זיין ווערק „ציורי מסע“, אָבער וועלבע זיינען זעהר פּאָפּולער דורך דעם שעה־נעם סטיל און פּאָעטישע בילדער. אויסער דיזע זאָרט ביכער האָט ער אויך רעדאַקטירט דעם „אידיש־אַמעריקאַנער רעדנער“, אַרויסגעגע־בען פון די „היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני“, „זעליקאָוויץ׳עס ליטע־ראַרישע בריעפע“, אַרויסגעגעבען פון די זעלבע קאָמפּאַני, און ער האָט אויך איבערזעצט פיר די זעלבע פירמא דעם „מענה לשון“, אַן איבערזעצונג אין שעהנע ענגליש, מיט פיעל אייגענע הוספות, וואָס איז שטאַרק געלויבט פון אידישע גייסטליכע, רעפאָרמער אַזוי גוט ווי אָרטהאָדאָקסען.

---

## זיין ארבייט אין אנדערע שפראכען

זיין פראַנצויזישעס ווערק **Le Scheol des Hebreux** איבער אונ־שטערבליכקייט דער זעעלע, האָט אין די אַכציגער זעהר אויסגענומען, אָבוואָהל ער איז נאָך געווען אזוי יונג. עס איז גענוג צו דערמאָהנען אַז דער גרויסער ערנעסט רענאַן, וועלכער איז געווען זיין פּראָטעק־טאָר, האָט עס דערמאָהנט אין זיין רעפּאָרט פאַר די אַזיאַטישע גע־זעלשאַפט. זיין שפּעטערע וויסענשאַפטליכע ווערק איז ערשיענען אין אַ זשורנאַל, איבער די שלום־מזל׳דיגע און מזל׳דיגע שטונדען ביי די אַלטע עגיפּטער (**Divsion mystique du temps**) — און ענדליך, אַ סעריע אַרטיקלען אין אידישען זשורנאַל פון פּאַריז **Univers Israelite** איבער די העברעאישע ליטעראַטור אין מיטעל־אַלטער. זיין ערשטע ענגלישע ווערק איז געווען איבער דעם אורשפּרונג פון עגיפּ־טישע ציוויליזאַציאָן (**Dawn of Egyptian Civilization**) גע־

דרוקט אין פילאַדעלפיא אין 1887. דאָ ווילען מיר בעמערקען אַז
דיזע אַלע ווערק אין אַלע שפּראַכען וואָס מיר האָבען דאָ אויסגערע-
כענט, געפינען זיך אין דער גרויסער ביבליאָטהעק פון 42טע סטריט
און 5טע עוועניו, אין דער אבטהיילונג פון געלעהרטען ביבליאָ-
טהעקאַר הערר ש. פריידוס, וועלכער האָט קלאַסיפיצירט אַלעס וואָס
פּראָפ. ג. זעליקאָוויץ האָט געשריבען אין פערשיעדענע שפּראַכען און
אין אַלע צייטען, און אַלעס וואָס מען האָט וועגען איהם געשריבען.
אויך האָט ער מיטגעאַרבייט 4 יאָהר כסדר יעדע וואָך אין ענגלישען
זשורנאַל Reform Advocate פון דר. עמיל ג. הירש אין שיקאַגאָ,
ווי אויך אין אַנדערע ענגלישע זשורנאַלען, אין „דזשואיש ענצי-
קלאָפּעדיע“ און אין מר. י. ד. אייזענשטיין'ס העברעאישע ענצי-
קלאָפּעדיע „אוצר ישראל“.

---

## ערקלעהרונג וועגען זיינע פּאָעמעס.

וועגען דעם סטיל פון זיין פּראָזאַ איז אָבגערעדט, ווייל אַלע שרייבער,
זאָגאַר זיינע געגנער, גיבען צו אַז זיין שפּראַך האָט קיין ביישפּיעל
אין שעהנקייט, גלאַטקייט און דייטליכקייט, אויב ער שרייבט ערנסט
איבער פּאָליטישע, פילאָזאָפישע אָדער רעליגיעזע פראַגען, אָדער ער
וויטצעלט זיך אין זיינע פעליעטאָנען מיט דעם ריינסטען אידישען
הומאָר און וויטץ, אָדער אויב ער צואווייַנט זיך אין אַ הספּד אויף אַ
גדול. וועגען דעם זיינען ניטאָ קיינע מיינונגס-פערשיעדענהייטען אַז
זיין אידישער סטיל איז פּונקט אַזוי ערהאַבען ווי זיין העברעאישער
סטיל, אָבער וועגען זיין פּאָעזי מוזען מיר זיך אָבשטעלען מיט אַ קור-
צע בעמערקונג. מאַנכע היינטיגע פּאָעטען האָבען צו זעליקאָוויץ'ען
טענות אַז ער היט ניט איבעראַל דעם רהיטמוס — דעם זילבען-מאָס.

דאָס איז אפשר אַ טענה, אָבער זעליקאָוויץ ענטפערט זיי, אַז ער איז ניט קיין רעוואָלוציאָנער אין דיזען היגזיכט, דען אַזעלכע בעריהמטע פראַנצויזישע פּאָעטען ווי פראַנסואַ קאָפּע און זיין שוהלע, אַזעלכע גרויסע אַמעריקאַנישע פּאָעטען ווי וואַלט וויטמאַן און וויטקאָמב אָראַילי טהוען די זעלבע זאַך, ווייל זיי אַלע דענקען אַז דער פּאָעט טאָר ניט פּענטען זיין געדיכט ביז עס צו מאַכען אונפערשטענדליך, אבי עס זאָל אויסהאַלטען דעם רהיטמוס! זיי זאָגען אַז נאָר די לירישע פּראָדוקציאָנען וואָס זיינען געשריבען צום ז י נ ג ע ן דאַרפען האָבען דעם רהיטמוס. איבריגענס, עפענט דעם צווייטען טהייל פון דיזען בוך און איהר וועט איבערראַשט ווערען פון די געוואַלטיגע דייטליכקייט, ווי אויך שעהנקייט פון זיינע פּאָעזיען און דעקלאַמאַציאָנען. מישט אויף אַבי־וועלכע פון זיינע פּאָעמעס, און אורטהיילט.

---

## זיינע העברעאישע שריפטען

די ערשטע צוויי יאָהר וואָס ער איז געווען אין אַמעריקא האָט ער נאָך אַלין פאָרטגעזעצט זיינע לייסטונגען פאַר'ן „המליץ“. ער איז נאָכדעם ענטשוויגען געוואָרען אַ צעהנדליג יאָהר, ביז העדר ראובן ברייגין האָט אָנגעפאַנגען אַרויסגעבען אין וויען זיין פּרעכטיגען זשורנאַל „ממזרח וממערב“, אין 1894, וואָס איז אָהן צווייפעל געווען דער בעסטער העברעאישער זשורנאַל וואָס מיר האָבען געהאַט, אָבער וואָס האָט לײדער עקזיסטירט אַ קורצע צייט. פּראָפ. זעליקאָוויץ האָט דאָרט געגעבען נייע רייזע־בילדער. ער האָט אויך מיטגעאַרבייט אין די העברעאישע פּובליקאַציאָנען פון אַמעריקא, ווי „נר מערבי“,

„העברי“, „הדבורה“ א. ז. וו. די לעצטע פאָר יאָהר האָט ער צוריק אָנגעפאַנגען מיטאַרבייטען אין העברעאישע בלעטער פון אייראָפּאַ, אין וועכענטליכען זשורנאַל „הפרחים“ פון לוגאַנסק, רעדאַקטירט פון בעריהמטען סטיליסט הרב י. ב. לעוונער — דער איינציגער זשור־נאַל מיט נקודות פיר אידישע יוגענד, וואָס מיר האָבען ; ער האָט מיטגעאַרבייט אין „השחר“ און „בן שחר“ פון וואַרשא, און ענדליך האָט ער די לעצטע צייט אויך אָנגעפאַנגען שרייבען אין „העולם“ פון אָדעס.

דר. מיכה יוסף באַרדיטשעווסקי, וועלכער איז אַנערקענט אַלס דער גרעסטער קריטיקער און בעסטער סטיליסט, זאָגט אין זיין לעצ־טען בוך „בערב“ (אַרויסגעגעבען פון די תושיה אין וואַרשא אין דער סעריע „ביבליותיקה גדולה“, תר"ע), אַז צו דער ערהאַבענער שפּראַך פון זעליקאָוויץ איז קיין גלייכען דאָ אין דער גאַנצער ליטעראַטור („בערב“, זייטע 32). אויך הרב י. ב. לעוונער, רעדאַקטאָר פון „הפרחים“, וועלכער האָט איבערזעצט זעליקאָוויץ'עס העברעאישע ווערק „ציורי מסע“ אין רוסיש, שרייבט דיזע ווערטער :

היום נגמר תרגום ספרו היקר והנעלה לשפת רוסית. הריני מוצא את עצמי מחויב להגיד לידידי כי השתוממתי לתפארת סגנונו ושפתו הנשגבה שאין ערוך לה בכל סגנוני מיטב סופרינו.

איך האָב ענדליך היינט געענ־דיגט די איבערזעצונג אין רו־סיש פון אייער בוך, און איך פיהל זיך פערפפליכטעט אייך צו זאָגען אַז דער גלאַנץ פון אייער סטיל האָט מיך פערטומעלט. קיי־נער פון אונזערע בעסטע שריפט־שטעלער קען זיך ניט פערגלייי־כען צו אייער שפּראַך.

דער בעריהמטער העברעאישער פּאָעט חיים נחמן ביאַליק, אין אַ בריוועלע דאַטירט יוני 1911, שרייבט :

„באחד מימי הקיץ היה הדבר, ואני שוכב בצל אילן גבוה וכבד־צל ודברי מסעותיך אני קורא, והשפה — אל־אלהים, כמה יפה, כמה רכה, כמה נחמדה היא! הלא היא שפת זליקוביץ, איש מוזר ונפלא העומד והולך בדד בין הסופרים"...

„דאָס איז געווען זומער, איך ליעג אונטער אַ הויכען בוים, אין שאטען, און לעז רייזע־ביל־דער. אָבער די שפּראַך, אַך גאָט ! ווי שעהן, ווי ווייך, ווי געש־מאַק, די שפּראַך פון זעליקאָוויץ, אַ וואונדערבאַרער מענש וועלכער איז אַ בן־יחיד צווישען שריפט־שטעלער"..

דער „ציורי מסע פון זעליקאָוויץ איז ערשיענען אין וואַרשא אין 1910 אין פערלאַג „תושיה", נאָכדעם ווי הערר שאַלקאָוויטש (בן אביגדור) האָט ביי איהם געקויפט דאָס רעכט זייענדיג אין ניו יאָרק אין 1908, און דאָס ווערק בעלאַנגט יעצט צו דער סעריע פון „ביב־ליותיקה גדולה" — די קלאַסישע ביבליאָטהעק פון צענטראַל פערלאַג אין וואַרשא.

---

## די געקליבענע שריפטען אין אידיש

דאָס בוך וואָס איהר געהט לעזען, די געקליבענע שריפטען פון יובילאַר אין אידיש, ענטהאַלט דריי אבטהיילונגען : 1) סקיצען און ערצעהלונגען ; 2) ליעדער, פּאָעמען און דעקלאַמאַציאָנען ; 3) רעפעראַטען, אָדער ערנסטע אָבהאַנדלונגען. מיר, די קאָמיטע פון יובילעאום, וועלכע פייערען זעליקאָוויץ'עס 50 יעהריגען געבורטס־

טאג, האָבען דאָס בוך אַרויסגעגעבען אַלס ליטעראַרישען סואווענ‏יר־אַלבום. מיר האָבען אויסגעקליבען אַלעס, מיר האָבען עס צוזאַמענ־געשטעלט לויט אונזער געשמאַק און מיר צווייפלען ניט אַז די לעזער וועלען האָבען אַ גייסטיגען יום־טוב לעזענדיג דיזע שריפטען פון אייניגע פון אונזערע גרעסטע סטיליסטען אין אונזער גלות־שפּראַך, ווי אין אונזער הייליגע שפּראַך.

מיט דיזע האָפנונג אין האַרצען ווינשען מיר, די מיטגליעדער פון דער סאָווענ‏יר און פּרעס קאָמיטעען פון דעם זעליקאָוויץ יו־בילעאום, כל טוב סלה צום יובילאַר.

אַכטונגספאָלל,

ג. בובליק, א. גאַניקמאַן, הערמאַן ל. וויע־נער, פּ. וויערניק, י. י. זעווין, מאיר חינסקי, יהואש, חנן י. מיניקעס, י. פישמאַן, פּראָפ. יאָזעף קאָהאַן.

ניו יאָרק, חמשה עשר בשבט, תרע"ג.

# לעצטע מעשים טובים פון אַ טאָמייטאָ

אין קאַפּע־הויז האָט געקאָכט ווי אַ קעסעל. ביי אַ גרויסען טיש האָבען „פּראָמינענטע אידען" פון דער איסט־סייד דעבאַטירט וועגען די לעצטע ענטדעקונג פון פּראָפעסאָר האָזענשפּרונג אַז אויך פלאַנצען, גרינס (וועדזשעטייבעלס) פיהלען זייער „איך", פערשטעהען, געדענקען און זעהען פּונקט ווי חיות און עופות אויב ניט ווי מיר מענשען. יעדער פון די פּראָמינענטע אידען האָט וועגען דעם געמאַכט אַן אַנדער בעמערקונג אָדער געזאָגט אַ וויץ. אַ זשורנאַליסט, וועלכער איז געזעסען די גאַנצע צייט און האָט קיין וואָרט געזאָגט, האָט ענדליך זיך אריינגעמישט מיט דיזער בעמערקונג:

— זיי קענען אויך רעדען, די פלאַנצען און גרינס, און זיי האָבען אַן אייגענע שפּראַך. איך אַליין האָב היינט גערעדט מיט אַ רעטאַך!

אַלע אין קאַפּע־הויז האָבען זיך צולאַכט און זיי האָבען פערשטאַנען אַז דער חברה־מאַן קומט דאָ מסתמא ארוים באַלד מיט אַ משל אָדער ווי ער רופט עס — אַ מעשה'לע.

— דערצעהלט אונז, וואָס איהר האָט גערעדט מיט'ן רעטאַך — האָבען אויסגעשריען אייניגע פּראָמינענטע מיט אַמאָל. דער זשורנאַליסט האָט געגעבען אַ שמייכעל.

— וואָס איך האָב גערעדט מיט'ן רעטאַך איז מיין עסק, ניט אייערער, און איך וועל עס אפשר איבערגעבען אַן אַנדערס מאָל.

היינט קען איך אייך דערצעהלען מיין געשפּרעך מיט אנדערע גרינס. היינט וועט איהר פון מיר הערען די לעבענס־געשיכטע פון א טאמייטא, לויט ווי די טאָמייטא אליין האָט עס דער־צעהלט, וואָרט פאר וואָרט און פּינטעלע פאר פּינטעלע. איך האָב עס אויפגעשריבען, איך זאָל קיין וואָרט ניט פערליערען, און איך גיב עס אייך פאָרלעזען.

ארום די טישלאך פון קאפע איז געוואָרען שטיל, וועה־רענד דער צייטונגס־מאַן האָט ארויסגענומען א שטיק פּאפּיער און אָנגעפאנגען לעזען די אויטאָביאָגראפיע פון דער טאָמייטא, אזוי :

— — — — — — — — — —

„ווי גוט עס איז צו לעבען אויף דער וועלט. איך בין א שעהנע יונגע טאָמייטא און איך וואוין אין א גערטיל וואָס איז דער שטאָלץ פון מיין גאס. איך גלויב ניט אז אין גאנץ בראָנקס געפינט זיך נאך אזא שעהנע טאָמייטא ווי איך בין.

* * *

„איך בין שוין פינף טעג אלט, און פול מיט אמביציאָן. וואָס וועט זיין פון מיר דער תכלית ווען איך וועל אויפוואקסען ? אָט האָב איך געהאַט א חבר'טע וואָס האָט פיעל געהאלטען פון זיך פונקט ווי איך, און פון איהר האָט זיך אויסגעלאָזען א שרעק־ליכער סוף : מען האָט איהר פערשפּארט אין א טאָמייטא־קאן ! עס קען גאָר ניט זיין קיין גרעסערע טראגעדיע פאר א טאָמייטא ווי צו ווערען אריינגעשפּארט און צוזאמענגעקוועטשט מיט אלערליי קראנקע און העסליכע טאָמייטאס אין א בלעכענע פּושקע וואו די טאָמייטא פערליערט אין גאנצען איהר איינענעם „איך". אָה, ניין, איך וויל ניט אזא סוף, איך וויל בלייבען טאָמייטא ביז דער לעצטער מינוט, איך וויל פּאָפּולער זיין אויפ'ן טיש. איך

וויל נאָך מעהר : איך וויל עפּעס טהון גוטעס פאַר דער וועלט.
נור שאַ ! איך הער ווי מען קומט צו מיר.

* * *

„אוי ! ! ! אַ האַנד פון אַ פרוי האָט מיך ערשט אויס־געריסען פון פּלאַץ וואו איך האָב מיין יונגענד פערבראַכט. ניין, עס איז קיין מאכל צו ווערען אַזוי אויסגעריסען ; עס איז נאָך ערגער ווי אַ צאָהן אויסרייסען. איך זאָג ניט, אַז מען האָט מיר אַמאָל אויסגעריסען אַ צאָהן, אָדער אַז איך האָב געזעהן ווי מען רייסט אוים אַ צאָהן, דאָס וואָלט געווען אַ צו גרויסער ליגען פאַר אַ טאָמייטא, נור עס רעדט זיך אַזוי, דען מיר טאָמייטאָס כאַפּען אָפּט ווערטלאָך פון די מענשען אַרום אונז.

* * *

איך בין שוין אין אַ גרויסען קאָרב מיט נאָך טאָמייטאָס, און פיעלע פון זיי וויינען מיט בלוטיגע טרעהרען. איך האָב אָבער פיינט צו וויינען און איך האָב טאַקי פּראָפּיטירט, דען די וויינענדיגע טאָמייטאָס האָט מען דאַרום אָבגעקליבען פאַר די קאַן, צו מאַכען פון זיי געקאַנטע טאָמייטאָס. איך בין געראַטעוועט געוואָרען פון אַזאַ סוף, און פאַר גרויס שמחה פאַנג איך אָן זינגען אַ טאָמייטא־סאָלאָ, וואָס דער צושפּיעל האָט זיך גע־ענדיגט :

„גליקליכע טאָמייטא,
האָסט געמאַכט פּליטה !”

* * *

„איך בין געלעגען אין פענסטער פון אַ שעהנע קראָם אין האַרלעם, אַלע האָבען מיך בעוואונדערט ווי שעהן איך בין, נו־נו, האָב איך געהאַט כבוד ! אָט אַזוי. דאָס איז דאָך וואָס איך האָב אימער געגאַרט.

„א פרוי האָט מיך אָבגעקויפט. אזא גוטהערציגע פרוי האָב איך צום ערשטען מאָל געזעהן: זי האָט מיר באַלד אויסגעזעהן א מוטער אָהן א גאַל, א דאַמע מיט אַן איידעלע נשמה. ווען זי האָט מיך געבראַכט אַהיים, האָט זי ערקלעהרט איהרער א שכנה אַז זי אַליין איז מיך געגאַנגען קויפען צוזאַמען מיט נאָך זאַ־בען, אנשטאַט צו שיקען די דיענסט, ווייל זי אַליין וויל האָבען די שמחה איינצוקויפען אַלעס פאַר'ן מאָהלצייט פון איהר ערשטע טאָכטער'ס תנאים. זי האָט אַזש געוויינט פאַר שמחה. און איך האָב שיעור מיטגעוויינט. טאַקי א גאָלדענע מאַמע.

* * *

„איך ליעג שוין אויף א רייך־געדעקטען טיש. איך בין גראַ־דע ניט צושניטען ווי די אַנדערע און אַלע האָבען מיך בעוואונ־דערט. איך האָב געזעהן די כלה, דעם חתן, די עלטערען, א האַלב טוץ שעהנע שוועסטער און ברידער פון דער כלה. איך האָב גע־הערט א האַלב טוץ שעהנע רעדעס ביים טיש, שעהנע און וויציגע רעדעס פון מענשען מיט שכל. איך האָב זיך דערפרעהט וואָס איך האָב דערלעבט אַזא כבוד. איך וויים אַז מיינע מינוטען זיינען געצעהלט, נור אַבי איך ענדיג מיין קאַריערע ווי א לייט צווישען לייט, ניט אין א טאָמייטאָ־קאַן אָדער אין א ביליגען רעסטאָראַנט.

* * *

„אוי וועה! וואָס זעה איך? אין דער צייט ווען דער עולם האָט זיך פערקוקט, האָט א מאַן גאַנץ גיך מיך אַראָבגע־כאַפּט פון טעלער און אריינגעלעגט אין טאַשע פון זיין ראָק. דאָס האָט מיך שטאַרק פערדראָסען, דען איך בין פּלוצלונג גע־בליבען אין דער פינסטער. צום גליק האָט מיין תפיסה לאַנג ניט געדויערט, דען דער מאַן וואָס האָט מיך גענומען אין טאַשע, האָט זיך ענטשולדיגט אַז ער קען לענגער ניט בלייבען. ער זאָגט

אז ער מוז געהן הערען עפּעס אַ פאַרלעזונג פון אַ בעוואוסטען אידישען רעדנער.

*　　*　　*

„איך ליעג נאָך ביי דעם מאַן אין טאַשע און איך פיהל אַז איך בין דאָ אין אַ זאַל פול מיט מענשען. איך הער ווי איינער האַלט אַ רעדע און שרייט ווערטער וואָס קלעפּען זיך ניט. איך דענק אַז דער רעדנער אַליין פערשטעהט אויך ניט וואָס ער פּלוי־דערט. הערט וואָס ער האָט געזאָגט:

„דאַרווין האָט אין זיינע סינטהעטישע טהעאָריען איבער עוואָלוציאָן דורכגעפיהרט מיט פּסיכישע דע־דוקציאָנען אַלעס וואָס קען דעמאָנסטרירען די סאָלי־דאַריטעט פון עפעקטען און לכל הפּחות די אָרגאַנישע סובסטאַנצען פון באַטאַנישען אוניווערזום וואָס ווערען אַמאַלגאַמירט מיט...״

*　　*　　*

„מעהר האָב איך ניט געהערט. ווייל דער מאַן ביי וועמען אין טאַשע איך בין געלעגען, האָט אריינגעשטעקט זיין האַנד די־רעקט צו מיר, האָט מיך שטיל ארויסגענומען — און טררראַך !!! ער האָט מיך געוואָרפען אהין צום רעדנער אין נאָז! ווען איך בין געפלויגען אין דער לופט צום רעדנער, האָב איך געוואוסט אַז דאָס איז מיין ענדע. אָבער איך האָב אמת פערגעניגען געהאַט וואָס פון מיין ענדע וועט ארויסקומען אַ טובה פאַר די הונדערטע מענשען אין זאַל, וועלכע האָבען געמוזט הערען די פּלוידערייי פון אַזאַ דרשן.

„פון רעדנער׳ס נאָז בין איך אַראָבגעפאַלען אויף דער ערד, און מיין רויטער מאַנטעל איז שוין געווען צושפּאָלטען. ווען איך האָב זיך בעקענט מיט׳ן רעדנער׳ס נאָז האָבען אַלע זיך

צולאָכט, און דער רעדנער האָט זיך אַרויסגערוקט גאָר אָהן כבוד. איך האָב שעהן געלעבט און בין נאָך שעהנער געשטאָרבען, ווען איך האָב אַראָבגעטריעבען אַ למך פון דער פלאַטפאָרמע".

---

ווען דער דערצעהלער האָט געענדיגט די ביאָגראַפיע פון דער טאָמייטא, האָבען אַלע פראָמינענטע איהם אַפּלאָדירט, און ער האָט געמאַכט די פאָלגענדע בעמערקונג:

— איך האָף אַז די מעשים טובים פון יענע טאָמייטא וואָס איז געשטאָרבען לטובת הכלל, וועלען האָבען אַ ווידער־קול אויך ביי אַנדערע טאָמייטאס, וועלכע וועלען אויך שטאַרבען פאַר'ן כלל יעדעס מאָל ווען עס וועט ערשיינען אַ רעדנער אַבי־וואו צו לאַנגווייליגען דעם עולם...

# אַ באַלקאַן פּרינץ אויף איסט בראָדוויי

— איהר ווייסט דאָך פון די באַלקאַנען — האָט אַ שכן געזאָגט — וואו עס געפינען זיך קליינע סלאַווישע מלוכות „טו פאָר אַ קוואָדער”. איהר ווייסט פון בולגאַריען, סערביען, א. ז. וו. צווישען דיזע באַלקאַנען געפינט זיך אַ קליינע מלוכה וואָס איך וועל רופען מיט'ן נאָמען קאַבצאַנסקאַיאַ גאָראַ. צווישען די אויסלענדישע סטודענטען וועלכע בעזוכען די אוניווערזיטעט אין ניו יאָרק, איז אויך געווען ניט לאַנג צוריק אַ יונגערמאַן פון יענע מלוכה'לע. ער האָט דאָ שטודירט איך ווייס אַליין ניט וואָס, און אַזוי ווי ער איז געווען „פעראייננגט אין זיינע פינאַנצען” האָט ער ניט געוואָהנט אין אַ האָטעל, נור ער איז געווען א באָרדער ביי אַ אידישען דאָקטאָר אין איסט בראָדוויי, אַ דאָקטאָר וועלכער איז אויך אַ גרויסער רעוואָלוציאָנער. איין אָבענד, ווען דער דאָקטאָר איז געווען שטאַרק בעשעפטיגט אין זיין אָפיס מיט שפּילען אַ דאָמינאָ, איז אַריינגעקומען צו איהם אַ מעסענדזשער־באָי מיט אַ דעפּעשע צום באַלקאַנישען באָרדער מר. טראַסק. דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט אַז מר. טראַסק איז יעצט ניטאָ, און ער האָט אָבגענומען די דעפּעשע. ווי איבערראַשט איז אָבער געוואָרען דער דאָקטאָר לעזענדיג אויפ'ן קאָנווערט פון דער דעפּעשע, דיזע אַדרעסע :

„זיין קעניגליכע הויכקייט פּרינץ טראַסק פון קאַבצאַנסקאַיאַ גאָראַ, איסט בראָדוויי, ניו יאָרק”.

דער דאָקטאָר האָט זיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט. וואָס הייסט ? דער קליינער סלאָווישער מר. טראַסק וועלכער וואָהנט ביי איהם אין א צימער׳ל פיר פינף דאָלאַר א וואָך מיט קעסט, איז גאָר א פּרינץ ! וואָס וועט די וועלט זאָגען ווען מען וועט אויסגעפינען אז דער רעוואָלוציאָנערער דאָקטאָר האַלט א באָרדער א פּרינץ ?! ווען דער באָרדער איז אָנגעקומען שפּעט ביי נאַכט, האָט דער דאָקטאָר זיך פערנייגט צו איהם מיט רעס־פּעקט און געזאָגט :

„אייער גנעדיגע הויכקייט זאָל מיר ענטשולדיגען, דאָ איז אָנגעקומען א קייבעל־דעפּעשע פיר אייער הויכקייט".

טראַסק האָט אויף גיך געעפענט די טעלעגראַמע און איבער־געלעזען דיזע צייל׳ען :

„זיין מאַיעסטעט, דער קעניג, אייער פאָטער, איז היינט געשטאָרבען. קומט גיכער אהיים ווערען קעניג אונ־טער דעם נאָמען דימיטרי דער 17טער. אונטערשריבען מיניסטער וולאַדימיראָוו."

עס איז איבעריג צו דערצעהלען ווי דער דאָקטאָר מיט׳ן פּרינץ האָבען זיך געזעגענט אויפ׳ן שיף, און ווי די רייזע פון טראַסק איז צוגעגאַנגען ביז ער איז אָנגעקומען אין זיין היים וואו מען האָט איהם געקרוינט און געזאַלבט מיט צערעמאָניעס אַלס דימיטרי דער 17טער. אָבער אונזער דימיטרי האָט באַלד גע־זעהן אז ער האָט ניט געטראָפען אין א שמאַלץ־גרוב. דאָס לאַנד איז אַזוי פעראָרימט, אין שטאָדט קיין ברעקיל פערגעניגען, און עס פעהלט איהם זאַגאר אזא קאַפּע־הויז ווי די וואו דער דאָקטאָר פלעגט איהם אמאָל מיטשלעפּען אין ניו יאָרק. וואָס קען ער טהאָן מיט די דלפנ׳ישע קרוין אין א וויסטעניס ? ער האָט ניט לאַנג געטראַכט און געשיקט רופען דעם עלטסטען רע־

וואָלוציאָנער פון שטאָדט, א געוויסער גראָזניצקי, און ער האָט צו איהם אזוי געזאָגט :

„מיין טהייערער גראָזניצקי. איך וויל פון דיר בעט׳ן א קליינע טובה. עס איז מיר שוין נמאס און מאוס צו זיין א קעניג, ווייל איך לאַנגווייל זיך היער ווי א געפאַנגענער. זיך אָבצוזאָגען פון קרוין טאָר איך ניט, ווייל איך וועל פערלירען מיין ירושה, מיין פאָטער׳ס פריוואַט אייגענטהום, און מיר קען דארום קיין זאַך ראַטעווען ווי א רעוואָלוציאָן. ווי באַלד אַז דו ביסט א רע־וואָלוציאָנער פון פּראָפעסיאָן, טאָ מאַך די רעוואָלוציאָן געגען מיר, און זעה צוערשט אַז איך זאָל אַרויסקריגען מיין ירושה, דעם האַלבען מיליאָן פראַנק וואָס ליעגט אין דער קאָסע ; מאַך די רעוואָלוציאָן געגען מיר וואָס גיכער, און עס וועט דיר קיין זאַך ניט שאַדען, אדרבא...

דער אַלטער גראָזניצקי האָט באַלד זיך גענומען צו זיין רעוואָלוציאָנערע ארבייט : צוערשט האָט געהייסען זיין קעניג ארויפוואַרפען גרויסע טעקסעס, נעהמען רעקרוטען, שמייסען פאַר די מינדעסטע זאַך מענער און פרויען, כדי דאָס פאָלק זאָל ווערען לייכט אויפגעהעצט. גראָזניצקי האָט אויך אָרגאַניזירט פּראָ־טעסט־מיטינגס געגען קעניג, געהיימע דרוקערייען אין קעלערס, און ער האָט צוזאַמענגעשטעלט א רעגימענט רעוואָלוציאָנערע גוואַרדיע. דער קעניג האָט איהם אויך געגעבען געלד ער זאָל גרינדען א רעוואָלוציאָנערע צייטונג. ווען עס איז געקומען דער טאָג פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן, לויט אַן אָבגעמאַכטען סיג־נאַל, האָט אָבער דאָס פאָלק זיך ניט געריהרט פון אָרט, נור די בעצאָהלטע שרייערס מיט גראָזניצקי׳ן האָבען זיך געקאָכט, וויי־טער האָבען זיך אַלע פערהאַלטען רוהיג. זאָגאַר די מוזיק פון די „מאַרסעליעזע״ וואָס די רעוואָלוציאָנערען האָבען געשפּיעלט,

האָט ניט בעגייסטערט דעם פאָלק צו רעוואָלוציאָן, נור פער־קעהרט, זיי האָבען געשריען „עס לעבע דער קעניג !"

— עס איז אַרויסגעוואָרפען די אַרבייט — האָט גראָזניצקי געזאָגט צום קעניג — דאָס פאָלק וויל ניט וויסען פון רעוואָ־לוציאָן, און וואָס מעהר מען שמייסט זיי, מען רייסט זיי, זיינען זיי אַלץ מעהר גליקליך... מיין פּלאַן איז אַלזאָ, אַז איך ווער אויס רעוואָלוציאָנער, און לאָמיר בעסערביידע אַרבייטען צו מאַכען גרויס אונזער לאַנד. איהר, ליעבער קעניג, שאַפט אָב שמייסען, הענגען און שיסען. לאָמיר איינפיהרען שעהנע, גוטע זאַכען, אָבשאַפען די שלעכטע, און אַלעס וועט זיין גוט. מאַכט מיר פיר אייער מיניסטער, און איך וועל אייך העלפען טהאָן דאָס בעסטע פאַר'ן פאָלק, און זאָל טאַקי קאַבצאַנסקאַיאַ גאָראַ ווערען אַ גרויס־מאַכט.

און דער קעניג מיט זיין נייעם מיניסטער האָבען די ערשטע זך גענומען אָבשאַפען שלאָגען, שמייסען ; זיי האָבען פערבאָטען צו פערקויפען אָפּיום, מאָרפין צו די איינוואָהנער, און האָבען גענומען אויסראָטען נאָך אַזעלכע שלעכטע זאַכען, ווי פערקויפען פּראָסטע אַלקאָהאָל פיר שנאַפּס. אָבער ווי נור מען האָט אָנגע־הויבען אָבשאַפען די געפעהרליכע זאַכען און איינפיהרען גוטע, האָט באַלד אויסגעבראָכען אַן אמת'ע רעוואָלוציאָן אין גאַנצען לאַנד. וואָס הייסט ! — האָט דאָס פאָלק געשריען — דער קעניג וויל אונז פערבאָטען צו טרינקען וואָס מיר ווילען, צו רויכען וואָס מיר ווילען ! אָה ניין, ניט דערלעבען וועט ער עס ! בקצור, עס האָט באַלד אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע רעוואָלוציאָן, מען האָט אונטערגעצונדען דעם פּאַלאַסט, און דער קעניג מיט זיין מיניסטער זיינען קוים אַנטלאָפען לעבעדיג, נאָכדעם ווי זיי האָבען „גערעטעט" די קאַסע.

— ענדליך, אבי מיר זיינען פריי — האָט דימיטרי געזאָגט צו גראָזניצקי'ן פאָהרענדיג אויפ'ן שיף צוריק נאָך ניו יאָרק — אָבער וואָס דענקסטו, פריינד, פון די רעוואָלוציאָן ?

— יעצט וויים איך שוין וואָס מען דארף טהאָן ווען מען וויל אַז דאָס פאָלק זאָל מאַכען אַ רעוואָלוציאָן — האָט גראָז־ניצקי געענטפערט — מען זאָל אויסראָטען שלעכטע זאַכען און איינפיהרען גוטע זאַכען...

# דער ערשטער אַפּריל און זיינע פּאָטעַן

נאָך דעם ווי די תוכחה האָט אויסגערעכענט א גאנצען פּאַק קללות, דערמאָהנט זי אויך א מכה אשר לא כתובה בתורה, א מין מכה וואָס האָט גאָר קיין נאָמען ניט.

איך האָב לאַנג געזוכט וואָס דיזע „מכה" קען זיין, און איך בין געקומען צום בעשלוס אַז די מכה מיינט די פאַרעווע פּאָטען וועלכע וואַרטען אויף אַפּריל ווי ביהנען אויף א טאָפּ האָניג. ווי נור דער גראַמען־פּלעכטער דערשפּירט אַז אַפּריל געהט אָנ־קומען, גורט ער באַלד אָן זיינע פּאָעטישע לענדען און גרייט זיך צו בעזינגען די נאַטור אין קורצע שורות, און אין גראַם.

בעזינגען די נאַטור ווען זי פערדיענט עס, איז גאַנץ שעהן — אָבער די צרה איז, וואָס אום צו בעזינגען דעם פריהלינג, מוז מען זיין א דיכטער מיט א רייכע פאַנטאַזיע און עפּעס זאָ־גען, אָבער ניט האַקען גראַמען גלאַט אין דער וועלט אריין. צווי־שען די איינינע געצעהלטע גהעטאָ־פּאָעטען האָבען מיר קוים א מזומן פּאָעטען, וועלכע פערשטעהען זייער שליחות, און די אַנ־דערע וועלכע פערוואַרפען די צייטונגען מיט זייערע יאַלעווע ליעדער, זיי בעלאַנגען צו דער „מכה אשר לא כתובה בתורה", אָדער ריכטיגער — זיי זיינען די עלפטע מכה פאַר דעם רע־דאַקטאָר, און אַפּטמאָל אויך פאַר דעם לעזער, ווען דער רעדאַק־טאָר דרוקט עס.

דער פריהלינגס־פּאָעט איז געוועהנליך קיין גזלן, און ער מיינט געווים קיינעם ניט וועה צו טהאָן. אדרבא, ער דענקט אז ער פערשאפט די לעזער אמת'ע פערגעניגען מיט זיין „מוזע", און דארום טאָרען מיר איהם ניט פעראכטען. אָבער מיר האָבען א רעכט איהם צו בעדויערען. עס זיינען דאָ געוויסע איינגע־בילדעטע נפשות, וועלכע שפּיעלען אויף דער פלייט אָדער אויף דער פּיאַנאָ און זיי מיינען אז זיי פערשאפען אייך דעם גרעס־טען פערגעניגען מיט זייערע מוזיק, אָבער זיי ווייסען נעבאך ניט, אז ווי זיי נעהמען זיך צום אינסטרומענט קענען זיי איבערשרעקען אפילו א קאץ. עס זיינען ווידער דאָ „הומאָריסטישע" שרייבערס וועלכע ווילען מאכען דעם לעזער לאכען מיט הינקעדיגע וויטצען, און ווען מען לעזט דורך זייער וויטץ „צום לאכען" ווילט זיך גאָר ו ו י י נ ע ן ! דער פריהלינגס־פּאָעט איז אויך אזא מין בע־שעפענים : ער איז איבערצייגט אז ער פילט אָן אייער זעעלע מיט פּארפומע, און ער צווייפעלט ניט אז זיין יעדע שורה צונעהט אין אלע אייערע גליעדער. יאָ, אָבער דיזען טעות זיינעם איז נאָך אלעמען קיין ענטשולדיגונג פארוואס ער זאָל אנפאלען אויף אונשולדיגע לעזער וועלכע האָבען איהם קיינמאָל קיין בייזעס געטהאָן און זיי אריינגיסען מיט געוואלט זיינע פּאָעטישע ווע־רים־קרויט.

איך לאָז יעצט דורך די אונוויסענדע פּאָעטען וועלכע שריי־בען אָהן א מאָס, אָהן א שפּראך, אָהן א געדאנק און מיט א גע־צוואונגענעם גראם ; אויף זיי איז גלאט א רחמנות, און עס לוינט זיך ניט לוסטיג צו מאכען איבער א שוטה. מיר האָבען אָבער כלומרשט אייניגע אידישע פּאָעטען וואָס זיינען פיעל וועניג בעקאנט אלס געטהאָ־משוררים, און דאָך איז שווער צו טרעפען וואָס זי ווילען האָבען פון די לעזער. איינער פון דיזע יאלעווע

משוררים בעזינגט דעם ערשטען אפריל מיט א פזמון וואָס פאנגט זיך אָן אזוי :

די זון שוועבט איבער נאַטור
מיט טויזענדע קאָלירען אָהן נעמען ;
זי נעהמט ארוים אפריל פון וויקעל־שנור
און פאַרבט אָב רויט אפריל'ס ברעמען.

נו, לאָז שוין זיין אז „די זונן שוועבט איבער נאַטור", דאָס וואָס האָט קיין זינען ; נאָר, לאָמיר שוין א ווײַלע צוגעבען אז אין גראַמען קען מען דאָס זאָגען — לאָמיר שוין דעם פּאָעט אויך א טובה טהאָן אז „די זונן האָט טויזענדע קאָלירען אָהן נעמען", אָבער ווי אזוי „פאַרבט זי רויט אפריל'ס ברעמען"? עס קען זיין אז די זונן איז א פאַרבערקע און זי פאַרבט רויט, אָבער ווי קען די זונן טהאָן אַזאַ נאַרישקייט און פאַרבען אפריל'ס ברעמען ? דאָס האָט דאָך א חן ווי מען שמייסט א יון ! דער פּאָעט האָט כאָטש בעדאַרפט הייסען די זונן פאַרבען אפריל'ס באַקען, מאַכען מאַסאַזש אפריל'ס מאַרדע, אָבער פאַרבען די ברעמען ?! די זונן האָט צופיעל ערפאַהרונג און צופיעל גע־שמאַק צו טהאָן אַזאַ נאַרישקייט, ניט אמת ?

אַן אנדער פּאָעט, אויך א בעקאַנטער, ערלויבט זיך אין א פּאָעזיע פיר אפריל, דיעזע שורות :

איך זוך צו טרייסטען זיך אין אפריל
וואָס ברײַנגט אזוי פיעל ריכענדע חן ;
אָבער עם דרעמילט שטיל מיין געפיהל
וואָרום איך בין נאָך נעבאָך אַליין.

מיר קענען גאַנץ לײַכט פערשטעהן ווי א פּאָעט זוכט זיך צו טרייסטען אין אפריל — אָבער, וואָס מיינט ער מיט „ריכענדע חן"? דאָס איז פּונקט ווי מען זאָל זאָגען : „געזאַלצענע חן־

גריבעלאַך"... מיר וועלען דעם פּאָעט צוגעבען אז אַ געפיהל קען אָפּט הרעמלען, אָבער עס איז אַ אמת'ע־קבלה צו זאָגען אז „אַ געפיהל דרעמעלט שטיל". גאַנץ געוויס אַז מען דרעמילט איז מען שטיל, סיידען מען כראָפּעט אָדער מען רעדט פון שלאָף, וואָס זיינען ביידע ניט פּאָעטיש. זעהט איהר, די לעצטע שורה פערענטפערט אונז: ער קרעכצט „ווארום ער איז נעבאך אליין".

אהא! מיר זעהען דאָ באַלד אַז מיר האָבען צו טהאָן מיט אַן אַלטען בחור וואָס וויל חתונה האָבען, און מיר מוזען איהם מוחל זיין — אָבער וואָס זיינען די לעזער שולדיג? וואָרום זיינען מיר מחויב צו הערען ווי אַ דיכטער בעזינגט:

מיט אַ צובראָכענע פידעלע
נאַטור'ס שעהנע בת־יחידה'לע?

אָרימע נאַטור! אַז זי איז שוין יאָ ניט קיין בעזודיעט־ניצע, נעבאַי וואָלט זי כאָטש געהאַט אַ זוהן, אַ קדיש. אָבער ניין, דער פּאָעט פערגינענט איהר ניט אַזאַ נחת און גיבט איהר אַ טאָכטער, און נאָך אַ בת־יחידה'לע!

דאָך וועל איך בעטען די פריהלינגס פּאָעטען זיי זאָלען זיך ניט געפינען בעליידיגט. מיר ווייסען גאַנץ גוט אַז עס זיינען דאָ אונבעשריען אידישע פּאָעטען וואָס בייסט זיי די האַנד אַ גאַנץ יאָהר, און ווי עס קומט אַפּריל קענען זיי זיך גאָר ניט איינ־האַלטען; אָבער מיר האָבען פאַר זיי אַ פּראַקטישע עצה, די זעלבע עצה וואָס מיינער אַ פריינד האָט אַמאָל געגעבען זיין ווייב ווי צו מאַכען אַ סאַלאַד.

— הער נור, יענטע — האָט ער צו איהר געזאָגט — דו ווייסט דאָך אַז איך קען דיינע סאַלאַד אין מויל ניט נעהמען, און איך בין דיר עס מוחל. נור אַז דו ווילסט ניט אַנדערש ווי מאַכען סאַלאַד, טאָ ווייס כאָטש ווי: נעהם גוטע אוגערקעס,

גרינע ציבעלעס, צוויי שטיקלאך קנאָבעל, אַ רעכט ביסעל עסיג, און נאָך מעהר צוקער. מיש דאָס אַלעס צוזאַמען אין אַ גרויסע שיסעל, און דערנאָך וואַרף עס אַרויס אין גאַנצען דורכ'ן פענ־סטער.

ווען מאַנכע פּאָעטען האָבען די בייסיגע, זאָלען זיי שרייבען וויפיעל זייער האַרץ גלוסט — אָבער זאָלען זיי דערמיט מאַכען וואָס זיי ווילען, אַבי ניט עס דרוקען.

# קרקע

ארויסגעהענדיג פון קאפע־הויז אום צו געהן אהיים האט קלמן מארטיראָווסקי געגעבען א בליק אויף זיין אוהר.

— וואָס זעה איך? — האט ער געזאָגט מיט איבער־ראשונג — עס איז שוין האלב נאך זיבען, און ביז איך וועל אנקומען אין הארלעם וועט זיין אכט. מיין פלונית'טע וועלכע פרעהט זיך מיט דער געלעגענהייט מיר צו קענען אנשילטען, וועט מיר שוין געבען א „ברוך הבא" ווי זי קען, אויף די העכ־סטע טענער און אויפ'ן קוויטש. איך הער שוין פון ווייטען מיט וואָס פאר א פאראד מיין גאָלדע וועט מיר מקבל פנים זיין.

קלמן מארטיראָווסקי האט געגעבען א זיפץ, און נאך א קורצע פּאוזע האט ער געמורמעלט:

איבעריגענס — וואָס איז מיר דער חלוק? שוין זעקס יאָהר זייט איך האָב מיך מיט איהר צוזאמענגעפּאָרט, הער איך יעדען טאָג געווענליך אזעלכע „קאָמפּלימענטען" פון איהר, און איך וועל שוין מוזען אריבערטראָגען אויך דעם „שקאַציל קומט" פון היינטיגען אָבענד.

דאָס וואָס מארטיראָווסקי האט פאראויס געזעהן איז ווירק־ליך געשעהן. דען ווי נור ער איז אריבערגעטרעטען דעם שוועל פון זיין הויז, 10 מינוטען נאך 8, האט ער באלד געקראָגען דעם „קבלת פנים" וואָס ער האט ערוואַרטעט, און ער האט שוין אָנ־געפאנגען זוכען עפּעס א תירוץ, ווי ער קען, ווייל ער איז געוועזן

א מאדים אויף תירוצים, דען א קליינינגקייט וואס די נויטה קען אויסלערנען א מענשען ?

— פערשטעהסטו מיך, טהייערע גאָלדע — האָט ער אָנ־געפאנגען צ־טאמלען ווען איהרע ערד־ציטערנים האָט א ביסעל אָבגעלאָזען — דו האָסט אייגענטליך בעדארפט וויסען אז איך וועל ניט קענען זיין היינט פינקטליך צום עסען ווי אַלע טאָג, אז איך וועל זיין א שטונדע שפעט. האָסט דאָך מסתמא געהערט אז מיין לאנדסמאַן מאַיערס איז געשטאָרבען, און איך האָב גע־מוזט געהן צו דער לויה.

— וועלכער לאַנדסמאַן ?! וועלכער מאַיערס ?!

— איך וויים דו האָסט איהם ניט געקענט, נור קענסטו דען מיינע אַלע מינסקער לאַנדסלייט ? דו ביסט דאָך א פינסקער׳ן. ער איז געוועזען א זיידענער מענש דיר צו לאַנגע יאָהר, א מאַן א חכם. ער האָט מיר אויף די פיס געשטעלט ווען איך בין אָנ־געקומען אין אַמעריקא מיט עלף סענט. אן אמת׳ער דימענט. עס איז געוועזען היינט אַזא יאָמער אין הויז ביי דער פאַמיליע ; גוט וואָס איך האָב זיך דאָרט אונטערגעדרעהט. איך האָב געפונען די פאַמיליע שטאַרק פערזאָרגט וועגען א קבר. זאָלען זיי אָבשיקען זיין קערפּער נאָך שיקאַגאָ וואו זיין ערשטע פרוי ליעגט, אָדער זאָלען זיי איהם מקבר זיין דאָ און בעצאָהלען א שטיק געלד פאַר א ברעקיל קרקע, דען ווי דו ווייסט, האָט מאַיערס ניט בעלאַנגט צו קיין חברה, צו קיין לאַדזש, און ווי דו ווייסט...

—וואָס האַקסטו מיר א קאָפּ „ווי דו ווייסט, ווי דו ווייסט״? דו ווייסט דאָך אז איך האָב איהם ניט געקענט און וויים קיין זאַך ניט — האָט גאָלדע ווידער גענומען דונערען, אָבער קלמן האָט איהר אונטערבראָכען און האָט ווייטער פאָרטגעזעצט :

— בקיצור, ווי איך האָב געזעהן די פערצווייפלונג פון דער פאַמיליע האָב איך זיך, אוועקגעשטעלט און געזאָגט מיט א דראָ־

מאַטישע שטימע — האָסטו מיר בעדאַרפט הערען, גאָלדע, ווי איך האָב גערעדט! איך האָב אַזוי געזאָגט: „אייער זעליגער מאַיערס, ער זאָל זיך מיהען, איז געווען מיין ערשטער בעל־טובה אין אַמעריקאַ. ער איז געווען מיין בעסטער פריינד, נאָך מיין טהייערער גאָלדע, איהר צו לענגערע יאָהר. און איך טאָר עס ניט פערגעסען! איך גלויב ניט אין שיקען טויטע סי אַ די אין אַן אַנדער שטאָדט, און איך דענק אַז זיין קבר דאַרף זיין דאָ צווישען אונז, זיינע פריינדע! אַ קבר וועט אייך ניט קאָסטען, ווייל איך נעהם דעם בר מינן אויף אונזער קרקע אין ברוקלין, און טאַקי אויף מיין אייגענעם פאַמיליען־פּלאַטץ.

— ביסט געווען משוגע אָדער שכור? — האָט זי זיך צולאָזען אויף די אויבערשטע כלים — ערשטענס, וואָס זאָגסטו עפּעס „מיין אייגענעם פאַמיליען־פּלאַטץ”? עס איז ניט דיינער, עס איז מעהר מיינער ווי דיינער! מיין פעטער האָט מיר געגעבען דרשה־געשאַנק צו אונזער חתונה די דריי קברים, אַן אייביגער פּרעזענט, און פון דיעזע דריי קברים זיינען איבער־געבליבען בלויז צוויי קברים, פאַר מיר און פאַר דיר, איך מיין פאַר דיר און פאַר מיר! איצטער קומסטו צוגעהן געזונד־און פריש־און־משוגע און גיסט אַוועק איין קבר פון די צוויי צו אַ פרעמדען גוטען ברודער מיט וועמען דו האָסט מסתמא גע'־שכור'ט, דו פינסטערער לאַכודרים, און איינער פון אונז ביי־דען וועט דאָך מוזען ליגען אין דער פרעמד? פוילען מיט מתים וועלכע מיר קענען ניט! אַזוי ווי איך וועל דיר איבער־לעבען, קימערט מיך ניט פאַר זיך, אָבער וואו איז דער יושר, וועה צו דיר, אַז מאַן און ווייב זאָלען זיין נאָכ'ן טויט צושיידט און ניט ליגען צוזאַמען? מילא, לעבעדיגערהייד קאַי איך גע־נוג פון דיר די ערד, כאָטש נאָכ'ן טויט האָבען מנוחה און ליגען צוזאַמען אין נחת. נו, פרעג איך, שטייטש...

— אז דו לאָזט מיך ניט ענדיגען וואָס איך האָב אָנגע־פאַנגען, וואַרט אַ ווײַלע, גאָלדע, און לאָז מיר ריידען.

— איך וויל מעהר ניט הערען, איך האָב גענוג געהערט פון מיין קבר, איך מיין פון דיין קבר, און אַלעס וואָס איך וויים איז, אז דו האָסט מיר בע'גזל'ט פון מיין קבר, פון מיין דרשה־גע־שאַנק!

קלמן האָט איהר געוואָלט בערוהיגען אַז זי זאָל זיך ניט קי־מערען צו שטאַרק וועגען אַ קבר, אַז ער וועט עס שוין פאַר איהר בעזאָרגען ווען עס וועט האַלטען דערביי; אָבער ער האָט בע־שלאָסען, אַז עס וועט פאַר איהם זיין געזינטער ווען ער וועט טראַכטען בעסער אין הארצען. איבריגענס, וואָס העלפט זיין ריידען, אַז זי לאָזט איהם מעהר קיין וואָרט ניט אויסריידען? פון יענעם אָבענד האָט זיך אָנגעפאַנגען די אמת'ע תוכחה אין הויז. פלעגט קלמן זאָגען, למשל, אַז אַלעס איז יעצט געוואָרען טהייער, פלעגט זי באַלד אַריינפאַהרען מיט אַ „וואָס דען מיינ־סטו, דער מילך טראָסט און פלייש טראָסט זאָלען דיר שענקען אומזיסט צו פרעסען און זויפען ווי דו שענקסט אַוועק מיינע קברים?" האָט ער זיך געוואָרגען מיט אַ לאָקש אָדער אַ פאַר־פעל איז איהם אַריין אין לינקען קעהל, פלעגט זי זאָגען: „דאָס שטראָפט דיר גאָט פאַר'ן קבר". — און אַזוי פלעגט זי איהם שטעכען מיט'ן קבר ביי יעדע געלעגענהייט, און זי פלעגט יעדעס מאָל ענדיגען די תוכחה מיט דיזע וואָרנונג:

— אָבער וואַרט, דו כל־בור־ניק, מיין ניט אַז אַ וועלט איז הפקר. דו טאַקי האָסט געשענקט אַ קבר. קריך צו פרעמדע קברים, און טאַקי באַלד, אָבער איך וויל האָבען מיין קבר.

קלמן'ען האָט געביסען די צונג, און ער האָט געוואָלט איהר זאָגען אַז ער פערגינט איהר דעם קבר פון גאַנצען הארצען, אָבער

דאָס וואָס ער האָט יאָ געהאַט קוראַזש איהר צו זאָגען איז דיעזע פשרה:

— נאָך וואָס זאָלען מיר זיך רייסען איבער אַ קבר, ליעבע גאָלדע? איך האָב אַ פּלאַן: וועל איך שטאַרבען פריהער, וועט מען מיר בעגראָבען אין קבר, און אויב חלילה עס וועט זיין פערקעהרט, וועט זיין דיין גליק. צופריעדען?

גאָלדע האָט געשוויגען, און עס האָט אויסגעזעהן ווי זי שטימט איין.

אין אַ מאָנאַט אַרום איז קלמן מאַרטיראָווסקי קראַנק געוואָרען אויף פיבער און האָט זיך געלעגט צו בעט. אויפ'ן דריטען טאָג האָט ער געפיהלט אַ ביסעל בעסער, אָבער ער האָט בעשלאָסען איבערצושרעקען זיין פלונית'טע און זיך מאַכען אַז ער איז זעהר שוואַך. ער האָט צוגערופען זיין ווייב.

— ליעבע גאָלדע — האָט ער אָנגעפאַנגען — דו זעהסט דאָך אַז איך שטעה אויפ'ן שוועל פון בית עולם. איך געה שטאַרבען. זאָלסט ניט פערגעסען אונזער אָבמאַך. אזוי ווי איך שטאַרב פריהער, זאָלסטו מיר למען השם לייגען אין דעם איינציגען קבר פון אונזער פאַמיליען־פּלאַטץ.

— ניין, קלמן, איך וועל עס ניט דערלאָזען, און אַזוי לאַנג קריינקסטו ווי דו וועסט ניט שטאַרבען דער ערשטער! האָט גאָלדע זיך צואוויינט — און ווען איך זאָל אפילו וויסען דורך דער ערד צו געהן מוז איך דיר געזונד מאַכען.

דאָס איז אַלעס וואָס קלמן מאַרטיראָווסקי האָט געוואָלט, זיין ווייב האָט זיך גענומען איהם ראַטעווען. זי האָט איהם געקעכילט, געצערטעלט, איהם געגעבען טריאַנקעס צו טרינקען.

— טרינק דו אייזעל, טרינק — פלעגט זי אונטערברומען דו מוזט געזונד ווערען, און וועסט האָבען אַ מכה, ניט מיין קבר!

אַ דאַנק גאָלדע'ס אונערמיעדליכע אַרבייט איז קלמן ווירק־

ליך געוואָרען געזונד, און אגב איז ער אויך קיינמאָל ניט ערנסט קראַנק געוועזען ווי ער האָט זיך געמאַכט. גאָלדע האָט אָבער דאָך אַלץ מורא געהאַט טאָמער ווערט ער חלילה צוריק קראַנק, האָט זי אָנגעפּאַנגען איהם צוזעהן מיט אַלערליי וויגאַדעס, זי האָט אכטונג געגעבען ער זאָל זיך ניט פערקיהלען, ער זאָל דעם מאַגען ניט פערדאַרבען, און עס איז איהם קיינמאָל ניט אַזוי גוט גע־וועזען. ער איז געוואָרען דיק, פעט און מיט צעהן יאָהר אינגער.

ויהי היום דאַרף זיך מאַכען אַז גאָלדע איז געפאָהרען צו דער לויה ביי איהרע אַ שכנה, און מען האָט איהר מיטגענומען אויפ'ן בית עולם. נו, אַז זי איז שוין אויפ'ן „ריינעם אָרט", האָט זי גע־טראַכט, זאָל זי שוין געהן אָנקוקען איהר קרקע צו זעהן דעם מיסטער מאַיערס וועלכער האָט זיך צוליינגט אויף איהר דרשה געשאַנק. אָבער ווי איבערראַשט איז זי געוואָרען זעהענדיג אַז ביידע פּלעטצער זיינען ליידיג, און די גאַנצע מעשה איז אַ ליי־גען! גאָלדע האָט געגעבען אַ קוויטש ווי ניט מיט איהר קול:

— אָי, דער לומפּ! האָט אויסגענאַרט פון מיר אַזוי פיעל וואוילטאַג אומזיסט. ער האָט מיר בדלות געשטעלט, די בעסטע היהנער, די בעסטע אייער, די וואַרימסטע קושען, די צערט־ליכסטע חן'דעלאַך, זאָל עס איהם אויספּאַלען באַקום! אָבער וואו איז ער געוועזען, דער ליגנער, יענעם אבענד מיט אַ יאָהר צוריק ווען ער איז געקומען אַהיים מיט אַ שטונדע שפּעטער ווי, אַלע טאָג? עס איז קיין מאַיערס געשטאָרבען, עס איז קיין לויה געוועזען.

מיט וואָס פאַר אַ מענה לשון גאָלדע האָט „בעגריסט" איהר קלמן'ען ווען זי איז אַהיים געקומען פון ריינעם אָרט, דאָס לאָז איך איבער פיר די איינבילדונג פון די לעזער.

# קוף־קוף

(אַ פּאַראַבאָל).

נאָכדעם ווי דער נאַטור־פּאָרשער, פּראָפּעסאָר דרימער האָט פערבראַכט גאַנצע פיער יאָהר אין צענטראַל אַפריקא וואו ער האָט שטודירט די שפּראַך פון די מאַנקים — די פערשיעדענע אַפען און אָבעזיאַנעס וועלכע שווינבלען און גריבלען דאָרט—האָט ער זוכה געווען צו זעהן אַז זיין אַרבייט איז אַהעלפט געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג.

נור אַ העלפט פון זיין אַרבייט. ווייל אויב דער פּראָפּעסאָר דרימער האָט דיזע פיער יאָהר נאָך אַלץ ניט אויסגעלערענט ריידען די שפּראַך פון די מאַנקים, האָט ער אָבער דערפאַר אויס־געלערענט זעהר גוט צו פערשטעהן אַלעם וואָס אַ אַפּע זאָגט. ער האָט זיי אַלעם פערשטאַנען, זייער טעגליכען געשפּרעך אין וואַלד, זייערע וויטצען און זאָגאַר זייערע הויך־וויסענשאַפט־ליכע רעדעס אויף די צווייגען פון בוים.

איין מאָל ווען דער פּראָפּעסאָר דרימער האָט געהערט ווי זיי ריידען צווישען זיך מיט שמחה פון דעם קומענדען באַנ־

קעט וואָס די מאַנקים געהען געבען ענדע וואָך צו זייערען אַ חבר וועלכער איז צוריק געקומען פון ווייטע לענדער, און דיזער גאַסט וועט פאַר זיי האַלטען אַ וויכטיגע וויסענשאַפטליכע רעדע וואָס דאַרף אינטערעסירען אַלע מאַנקים. דער פּראָפעסאָר האָט בעשלאָסען צו געהן בשתיקה צום באַנקעט, און היער איז די רעדע פון די מאַנקי וואָס ער האָט אַראָבגענומען סטענאָגראַפיש אויף זיין נאָטיץ־בוך, ווען ער איז געלעגען פערשטעקט הינטער אַ בוים.

— מיינע פריינדע — האָט גאָר צוערשט אָנגעפאַנגען דער פּאָרזיטצענדער — איך האָב דאָס פערגעניגען אייך פאָרצו־שטעלען אונזער פריינד קוף־קוף וועלכער האָט פערבראַכט 10 יאָהר צווישען ווייסע מענשען אין אַ צירקוס וואו ער האָט זיי אַמוזירט, און דאָך איז ער צוריק געקומען צו אונז די זעלבע מאַנקי, כאָטש ער האָט געהאַט די געלעגענהייט זיך צו אַסימי־לירען מיט די מענשען. דער צוועק וואָס מיר מאַכען איהם דאָ אַ באַנקעט איז וואָלד איז ניט בלויז אום איהם אָבצוגעבען כבוד, זאָנדערען אום צו הערען פון איהם אַליין עפּעס וויכטיגעס ווי־סענשאַפטליכעס וועגען די צוקונפט פון אונזער ראַסע.

נאָך דיזע קורצע אנשפּראַכע האָט דער גאַסט קוף־קוף אָנ־געפאַנגען זיין וויסענשאַפטליכע רעדע מיט דיזע ווערטער :

„פריינדע ! דער צוועק פון מיין היינטיגע רעדע איז ניט אייך צו דאַנקען פאַר די קאָמפּלימענטען וואָס איהר האָט מיר געמאַכט, ווייל איך ווייס גוט אַליין גאַנץ גוט ווער איך בין. פון אייך מאַנקים וויל איך קיין כבוד ניט הערען, ווייל ווען איך פערבענק זיך נאָך כבוד, געה איך צו די מענשען וועלכע האָבען מעהר ווי איין מאָל אַפּלאָדירט מיינע קונצען און שטיפערשע שטיק. איך בין היינט געקומען אייך דערצעהלען עפּעס וואָס איהר דאַרפט

וויסען, און איך מוז אייך זאָגען, אַז עס איז צייט פאַר אונז צו פּראָטעסטירען געגען מאַנכע פון אונזערע ברידער מאָנקים וועלכע שעהמען זיך ניט צו זאָגען, אַז מיר שטאַמען פון מענשען ! אָה, ניין, טויזענד מאָל ניין, מיינע פריינדע, דער מאָנקי שטאַמט ניט פון מענשען ! איך גיב צו אז עס איז דאָ עפּעס אַ שוואַכע עהנליכקייט צווישען מאָנקים און מענשען, אָבער די עהנליכקייט איז אַזוי קליין, אַזוי בלאָס אַז עס איז איינפאַך אַ משוגעת צו זאָגען אַז דער מאָנקי שטאַמט אָב פון מענשען. איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז דער מענש איז אַ קראַנקע חיה וואָס געהט ביסלעכוויז אונטער, די מענשליכע ראַסע האַלט אין פערשווינדען”.

דאָ האָט דער רעדנער קוף־קוף זיך אויסגעהוסט אַביסעל, און פּראָפעסאָר דרימער, דער מענש, האָט צייט געהאַט אַריבער צו מישען אַ נייע בלאַט אין זיין נאָטיץ־בוך וואָס ער האָט געהאַלטען אין איין שרייבען.

„איך גיב צו — האָט דער אַפּע־רעדנער ווייטער געזאָגט — אַז דער מענש איז אַמאָל געווען אַ שטאַרקע, געזונדע בריאה. ער האָט דאַן געהאַט אויף זיך אַ וואַרימע פעל פון דער נאַטור פּונקט ווי מיר ; ער האָט ניט בעדאַרפט אַרבייטען, ווייל די בעסטע פרוכט פון די בוימער איז געווען זיין שפּייז. ער האָט געקענט קלעטערען אויף די בוימער באַלד אַזוי גוט ווי מיר, מאָנקים ; אויך זיינע צייהנער זיינען געווען געזונד און שטאַרק צו קענען פערדייהען אַלעס, עס איז אַלזאָ קיין וואונדער וואָס דער מענש איז דאַן געווען שטאַרק, ער האָט געהאַט זיינע אַלע חושים אין גאַנצען און ער האָט הנאה געהאַט פון דער וועלט באַלד אזוי גוט ווי מיר. אָבער אין אַ געוויסע צייט פון אַלטערטהום האָט דער מענש אָנגעפאַנגען פאַלען, און ער געהט צוריק! צוערשט האָט ער פערלאָרען זיין נאַטירליכען פעלץ און ע ר מוז

זיך בערעקען מיט פעלץ אָדער וואָל פון אנדערע חיות. זיינע ציינער האָבען אָנגעפאַנגען ווערען שוואַכער און שוואַכער ביז ער האָט געמוזט אויסטראַכטען אַלעריליי קונצען צו קענען עסע זיינע שפייז. ער מוז קאָכען זיינע מאכלים אום צו קענען עס פערדייהען ; ער מוז אָנקומען צו פאַלשע ציינער, און איך האָב אליין געזעהן ווי מענשען נעהמען ארויס זייערע ציינער פון מויל פונקט ווי מיר נעהמען אַרויס די שאָלאַכץ פון א נוס נאָכ־דעם ווי מיר צוקנאַקען עס ! אָבער, אויך דיזע געפעלשטע זאַכען קענען זיי ניט פיעל העלפען, און זיי האַלטען דאַרום אין איין זופען אין דער פריה און אבענדס פון קליינע פלעשעלאַך, אום זייער לעבען זאָל זיי ניט פאַלען צו לאַסט ! נו, איז עס א וואונ־דער וואָס דער מענש האָט אָנגעפאַנגען זינקען אין זיין געזונד ביז ער האָט פערלאָרען די קרעפטיגע געזיכטסציגע דורך וועלכע ער האָט געקענט זיך צוזאַמענריידען אַלעם אויפ'ן וואונק ווי מיר ? ער האָט געמוזט אויסטראַכטען טויטע ווערטער, א זעל־כע קלאַנגען מיט'ן מויל, אום מען זאָל איהם פערשטעהן וואָס ער וויל, ווייל ער האָט אויפגעהערט צו ריידען דורך די בע־וועגונג פון זיין פנים אליין. מיט דער צייט האָט ער אויפגעהערט קענען שפרינגען, קלעטערען, און ער האָט אָנגעפאַנגען טראַכ־טען, קלעהרען, זאָרגען, זיך ערגערען, מקנא זיין און נאָך אַזעלכע זאַכען וואָס פיהרען צו אַלערליי קראַנקהייט און משוגעת .

דאָ האָבען איינינע מאָנקים זיך געווישט די אויגען מיט א זיפץ, אָבער דער רעדנער האָט ווייטער געזאָגט :

„דיזע שוואַכקייט האָט אָבגעשלאָפט דעם מענשען'ס פיס אַזוי ווייט אַז ער מוז זיינע פיס איינוויקלען אין שמאַטעס און אַרום די שמאַטעס א לעדערנער פאַנצער — וואָס זיי רופען שיך — אום צו קענען עפעס מאכען טריט. אויפ'ן קאָפּ טראָגט ער א קאַפעליוש, עס זאָל איהם ניט זיין קאַלט אין קאָפּ, און ער

טראָגט אויך גלעזערנע פענסטער אויף זיינע אויגען !"

אַלע מאַנקים האָבען זיך צולאַכט.

„עס איז ניטאָ וואָס צו לאַכען, פריינדע, ווײַנען דאַרף מען ווי אַזוי דער מענש איז געפאַלען און פאַלט נאָך אַלץ טיעפער מיט יעדען דור ! דאָס האָט איהם געבראַכט אַז ער זאָל אויך זיני־קען מאָראַליש : ער רעדט גראָבע רייד, ער טהוט שרעקליכע זאַכען. היינט רויכט ער גראָז, ער נעהמט מאָרפין וואָס מאַכט איהם נאָך מעהר דול, ער יאָגט זיך נאָך כבוד, ער האָט אויסגע־טראַכט טאַקסעס, פּאָליטיק, ליטעראַטור און וויל וויסען, דער חמור, ווען די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, כאָטש ער ווייס אַליין אויף אַזוי פיעל, אַז ער וועט עס קיינמאָל ניט דערגרייכען!"

דאָ איז געוואָרען אַ שושקעריי צווישען די מאַנקים, אַ רחמנות־שושקעריי, וואָס האָט געמיינט „נעבאַך, וואָס פון אַ מענשען קען ווערען"...

„אָבער דער גרעסטער וויטץ איז, פריינדע, — האָט קוף־קוף ווייטער גערעדט — וואָס דער מענש זוכט נאָך כלומרשט צו שטאָלצירען מיט זיינע אונגליקען, און ער האַלט זיך אַז ער איז דער קעניג פון דער וועלט, אַז ער האָט דערגרייכט די העכ־סטע שטופע פון לעבען און חכמה מיט זיין קאַפּעליוש אויף'ן קאָפּ, מיט זיינע גלעזער אויף די אויגען, מיט זיינע פּענטעס אויף די פיס, מיט זיינע שמאַטעס אויפ'ן גוף, מיט זיין קנאה־שנאה אין הארצען און מיט נקמה אויף די ליפּען ! אָט זעהט איהר אונטער'ן בוים ? דאָ שטעהט אַ מענש און מאַכט פליגען־פּיס־לאַך אויף פּאַפּיער... ווילט איהר גלויבען, איהר נאַרען, אַז מיר מאַנקים שטאַמען אָב חלילה פון אַזאַ בריאה ווי אַ מענש ? אָה ניין !"

ביי דיזע ווערטער האָבען אַלע מאַנקים אָנגעקוקט פּראָ־

פּעסאָר דרימער און זיי האָבען זיך צולאַכט. דער פּראָפעסאָר האָט געוואָלט פּראָטעסטירען, אָבער עס האָבען איהם געפעלט ווערטער, און דער געלעכטער האָט זיך פערגרעסערט. אין רעכ־טען מיטען טומעל, האָט א יונגע מאַנקי, א שטיפער, געכאַפּט פון צווייג א באַנאַנאַ און געטראָפען דעם פּראָפעסאָר אין נאָז.

אונזער פּראָפעסאָר דרימער האָט צוזאַמענגענומען זיינע שריפטען אין וועלכע ער האָט סטענאָגראַפירט די רעדע פון קוף־קוף, און ער האָט פערלאָזען דעם וואַלד, דעם קאָפּ אַראָבגע־לאָזען. ער איז אַוועק שטודירען ווייטער די מאַנקי־שפּראַך אום צו קענען געבען די מאָנקים א ריכטיגען ענטפער.

# דער מוזעאום פון מליצה

שפאצירענדיג אויף די פינפטע עוועניו מיט א ציימונג אין האנד, האָב איך בעמערקט ווי אימיצער פון דער אַנדער זייט סייד־וואָק ווינקט צו מיר מיט זיין שטעקען. אום צו רופען מיין אויפמערקזאמקייט האָט ער געמאַכט אַזעלכע מאַנעוורעס מיט זיין שטעקען אַז עס איז גרויסע נסים וואָס ער האָט ביי די פער־בייגעהער ניט ארויסגענומען א האלב טוציג אויגען.

עס האָט מיר ניט לאַנג געדויערט זיך צו דערמאָהנען פון דעם וועלכען רופט מיר. מיין לאַנדסמאַן און אַמאָליגער שכן „מאָטיל שפינאָזא", ווי מען האָט איהם גערופען אויף שפּאַס, א חברה מאַן וועמען איך זוך אימער אויסצומיידען, ערשטענס ווייל ער האָט א טבע איבערצושפּארען די גאַנצע וועלט, צווייטענס ווייל ווען ער רעדט האַלט ער אין איין פריידיגען, פּונקט ווי ער וואָלט געזאָגט א דרשה, און דריטענס ווייל ער האָט אַזא משוגע'נעם לאַך, ווען ער צולאַכט זיך, אַז עס רייסט פשוט אויף די נערוועז. איהר זאָלט מיר אַלזאָ ניט פערדענקען וואָס איך האָב נאָך אַלץ זיך געמאַכט אַז איך זעה איהם ניט און בין ווייטער געגאַנגען מיין וועג. אבער מיין סטראַטעגיע איז געוועזן

אומזיסט, דען „מאַטיל שפינאָזאַ" איז אַריבערגעלאָפען די ברייט פון דער עוועניו צווישען די אויטאָמאָבילס וואָס זיינען געפלויגען ווי שדים, און ער איז שוין אויף מיין זייט.

— וואָס איז דער מעהר, געציל? האָט ער אָנגעפאַנגען האַלב ברוגז — ביזט טויב אָדער האַלב בלינד, אָדער אפשר איז דאָס גאוה וואָס דו ווילסט ניט דערקענען אַ לאַנדסמאַן?

אַזוי ווי איך האָב געזעהן אַז איך וועל זיך פון איהם יעצט ניט אַרויסדרעהען, האָב איך איהם געגעבען עפּעס אַן ענטשול־דיגונג ווי איך האָב געקענט אַז איך בין געוועזען שטאַרק פער־טראַכט וועגען די נייע ביבליאָטהעק וואָס איז שוין געוועזען ניט ווייט פון אונז.

— די נייע ביבליאָטהעק — האָט מיין לאַנדסמאַן געמאַכט זיין ערשטען פילאָזאָפישען אַרויספאָהר — איך פרעג דיר צו וואָס דאַרף מען עס? זאָלסט ניט מיינען אַז איך בין געגען בילדונג, געגען ביכער. דו ווייסט גאַנץ גוט אַז איך האָלט אין איין שטו־דירען דעם „מורה נבוכים" פון רמב"ם, קאַנט'ס „קריטיק פון ריינע פערנונפט", שפּינאָזאַ'ס בעסטע ווערק, און דו קענסט ניט זאָגען אַז איך בין געגען קולטור. אָבער, צו וואָס דאַרף מען אַ ביבליאָטהעק מיט אַ מיליאָן ביכער?

— אין אַ גרויסע ביבליאָטהעק ווי עס פּאַסט פאַר ניו יאָרק דאַרף זיך געפינען אַלעס — האָב איך געשטאַמעלט, אָבער מיין לאַנדסמאַן האָט מיר ניט געלאָזט ענדיגען און ער האָט ווייטער גערעדט:

— אַ מיליאָן ביכער! די וועלט איז משוגע, דען דאָס בעסטע פון דער ליטעראַטור אין אַלע שפּראַכען און פון אַלע ציי־טען, קען דאָך איין מענש אוועקטראָגען אונטער'ן אָרעם! אָבער, דאָ האָט געדויערט איינינע חדשים ביז מען האָט אַריבער־

געפיהרט פון די אלטע ביבליאָטהעק אין די נייע דעם מיליאָן ביכער, דאָס הייסט א מיליאָן שוואַטץ וואָס מען דאַרף האָבען ווי א לאָך אין קאָפּ! די מייסטע ביכער זיינען דאָך פון אזעל־כע פּערפאסערס וועלכע האָבען קיינע נייע זאכען מיטצוטהיילען; נור וועלכע נעהמען למשל ניין ביכער איבער א געגענשטאנד און מאכען דערפון א צעהנטען בוך, אום צו הייסען א פערפאַסער. אזא יאָהר אויף מיר וואָס פאַר א חכם קהלת איז געווען ווען ער האָט געזאָגט אז מען זאָל זיך היטען צו פערפּאַטשקען די וועלט מיט ביכער — עשות ספרים אין קץ — ווייל „דאָס מאכט נור קריינקונג און ברענגט קיינעם ניט די מינדעסטע נוטץ". ווייסטו אז אין דער ביבליאָטהעק געפינען זיך 223פערשיעדענע ביאָגראַפיעס פון שעקספּיער, איבער 400 ביאָגראַפיעס פון נאַ־פּאָלעאָן דעם ערשטען, עטליכע הונדערט ענגלישע ביבלען, בלויז דערפאַר ווייל זיי שטאַמען פון פערשיעדענע דרוקען און פער־שיעדענע צייטען! נו, צו וואָס דאַרף מען עס? היינט צו וואָס דאַרף מען האָבען 134 פערשיעדענע גראַמאַטיקעס פון די העב־רעאישע שפּראַך? איינע אָדער צוויי פון די בעסטע איז גאַנץ גענוג.

איך האָב פּרובירט איבערשלאָגען מיין לאַנדסמאַן אז פיעל ביכער זיינען נויטהיג פיר דעם פילאָלאָג, פיר דעם פאָרשער, קריטיקער, ארכעאָלאָג, פיר דעם ספּעציאַליסט, אָבער, ווי זיין שטייגער איז, האָט ער צום מאָל ניט געוואָלט הערען מיין ער־קלעהרונג, און ער איז אריין נאָך מעהר אין קוראַזש.

אין דעם מיליאָן ביכער געפינען זיך ניט מעהר ווי דברים בטלים מיט מליצה — האָט ער זיך צווישעט — און נאָך מאָגערע מליצה דערצו, דאָס הייסט איבערגעקייעטע פּראָזען וואָס מען האָט שוין געהערט, דען צווישען טויזענד וועלכע שרייבען מליצה זיינען דאָ קוים צוויי וואָס זייער מליצה איז ניי, אָריגינעל.

אדרבא, קום מיט מיר, איך וועל דיר פיהרען אין ביבליאָטהעק, און איך וועל דיר דאָרט ווייזען די אבטהיילונג פון „מוזעאום פון מליצה".

— א „מוזעאום פון מליצה"?! איך הער עס צום ערשטען מאָל, און איך פערשטעה צום מאָל ניט די בעדייטונג דערפון.

— עס איז איינפאַך — האָט מיין לאַנדסמאַן זיך צולאַכט

— דאָס איז מיינער אַ פּראָיעקט מען זאָל מאַכען אין ביבליאָ־טהעק אַן אבטהיילונג פיר אַזא מוזעאום. קום מיט מיר צום ביב־ליאָטהעק — און איך וועל דיר ווייזען.

נאָך איינינגע מינוטען גאַנג זיינען מיר אָנגעקומען צו דער נייער ביבליאָטהעק, און מיין בעגלייטער האָט ארויסגענומען פון טאַשע אַ פּלאַן אויף אַ גרויסען פּאַפּיער. דער פּלאַן האָט פאָר־געשטעלט אַ גרויסע געביידע, מיט אַן אויפשריפט: „מוזעאום פון מליצה"

— זעהסטו, דאָ באַלד אין מיטען שטעהט דער „ב ר ו ־ נ י ם  פ ו ן  ח כ מ ה", אין דיזען ברונים ליעגט „ד י נ אַ ק ע ט ע  וו אַ ה ר ה יי ט", זי ליעגט דארום בעהאַלטען אין ברונים, ווייל זי שעהמט זיך צו ווייזען זיך נאַקעט...

— איך פאַנג ניט אָן צו פערשטעהן אַזעלכע רמזים — האָב איך פערלאָרען געדולד — דאָס האָט דאָך קיין שום זינן.

— אַזוי גאָר! — איז מיין לאַנדסמאַן אין כעס געוואָרען

— ווי באַלד אַז „ברונים פון חכמה" האָט קיין זינן און „נאַ־קעטע וואהרהייט" האָט קיין שום בעדייטונג, טאָ פארוואָס מאַ־כען דערפון אַ געברויך די שרייבער וועלכע לאָבען זיך מיט מליצה? אויב איך האָב קיין טעות, מאַכסטו אליין אויך אָפּט אַ געברויך פון אַזעלכע מליצות... אלזאָ לאָמיר בעסער ווייטער שטודירען מיין פּלאַן. רעכטס נעבען „ברונים פון חכמה" שטעהט

דער „בוים פון וויסענשאפט", נור דו זעהסט, די קאליקעס האבען אזוי אומגעלומפערט אראבגעריסען זיינע צווייגען אז דער גאנצער בוים זעהט אויס ווי א בעזים...

— און וואס איז דארט וואס הענגט אויף דער וואנד? — האב איך געפרעגט.

— דאס איז דער „מאנטעל פון גערעכטיגקייט", נור א ביסעלע מיט לעכער... דערביי ליעגט די „קרוין פון צדקה", א קאפעלע פעררעסט, און דאס קליינינקע דערביי איז דער „שטעמפעל פון חן". לינקס וואס דו זעהסט איז „דער שפיגעל פון די אלגעמיינע מיינונג". דער מעסער? דאס איז קיין מעסער, נור דער „שווערד פון גערעכטיגקייט" און דערביי שטעהט „דער בעכער צרות"...

איך האב זיך צולאכט.

— עס איז ניטא וואס צו לאכען — האט ער מיר ווייטער ערקלעהרט מיט'ן פלאן אין האנד — דאס זיינען דאך זאכען וואס די מליצה־שרייבער אין אלע שפראכען געברויכען אזוי אפט, נו פארוואס זאלען דיעזע זאכען ניט האבען זייער מוזעאום? ביינאכט וועל איך דיזען מוזעאום בעלייכטען מיט דעם „לייכט טהורם פון פראגרעס", און אויך מיט דעם „פאקעל פון ציוויליזאציאן" וואס שטעהט נעבען דעם „גאלדענעם בוך פון דער היסטאריע". יעצט זעהסטו שוין ווי עס איז נויטהיג אזא „מוזעאום פון מליצה", הא?

— און וואס איז יענער מאנומענט ביי דער זייט? האב איך געפרעגט בלויז אום אבצוהאלטען א ביסעל זיין הויכע רעדע וואס האט געבראכט איינינע מענשען ארום אונז.

— דאָס איז דאָך דיין „געפּודערטע חצופה ציוויליזאציאָן״... נו, זאָגסטו נאָך אַלץ אַז אַזאַ „מור־זעאום פון מליצה״ איז אַן איבעריגע זאַך? אַלץ ניט אַזוי אי־בעריג ווי אַ ביבליאָטהעק מיט אַ מיליאָן ביכער, מיין פריינד.

— דאָך מוז מען רעטען דעם מענשען׳ס געדאַנקען פון תהום דער פערגאַנגענהייט — האָב איך בעמערקט מיט אַ ביסעל להכעיס — מען מוז זיי אויפבעוואָהרען פון בוזים פון פערגע־סענהייט.

— גוט, גוט וואָס דו האָסט מיר דערמאָהנט, געציל, איך געה טאַקי צושטעלען צו מיין מוזעאום דיעזע צוויי צוגעקומענע אַנטיקען: דער „תהום פון פערגאַנגענהייט״ און דער „בוזים פון פערגעסענהייט״...

# טויזענד און איין סעקונדע

זיי זיינען געווען פיער פריינדע און זיינען געפאָהרען פון קוני איילענד : אַ אידישער אַקטיאָר, אַ אידישער רעפּאָרטער, אַ אידישער בערזען־ספּעקולאַנט און אַ צאָהן־דאָקטאָר. ווען דער דאַמפּפער איז געווען אין מיטען וועג, איז אַרויס אַ רעגען, און זיי האָבען זיך אַלע אַזוי געלאַנגווייליגט, אַז איינער פון זיי האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג אַז יעדער פון זיי פיער זאָל דערצעהלען זיין גרעסטע קאָמישע ערפאַהרונג אין לעבען, וואָס ער קען זיך דערמאָהנען, אָבער יעדע מעשה׳לע דאַרף ניט דויערען לענגער ווי פיער מינוטען, און ניט ווייניגער ווי צוויי מינוטען. מיר דאַרפען ניט דערצעהלען לאַנגע מעשיות ווי פון טויזענד און איין נאַכט, מיר וועלען יוצא זיין מיט טויזענד און איין סעקונדען.

דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען, און יעדער פון זיי האָט אָנגעפאַנגען קראַצען זיין שטערען צו זוכען עפּעס אין גאַלערי פון זיין זכרון.

— צוערשט קומט דער אַקטיאָר — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט און אַלע האָבען געשריען : „אונטערשטיצט !"

## וואָס דער אַקטיאָר דערצעהלט.

— ווי איהר ווייסט, מיינע הערען — האָט דער אַקטיאָר

אַנגעפאַנגען — זיינען אונזערע אידישע אַקטיאָרען קיינע גרויסע שיסערס. דאָס הייסט אַז יעדעס מאָל ווען אַן אַקטיאָר פון אחינו בני ישראל דאַרף אויסשיסען אין זיין דראַמאַ אויף דער ביהנע, ווערט דער רעוואָלווער אַן עקשן און וויל ניט שיסען, כאָטש צוריים זיך ! ביי איינע פון דיזע דראַמאַס, וואו איך האָב אויך געהאַט אַ ראָלע, האָט דער העלד מיך בעדאַרפט דערשיסען פאַר מיינע „מעשים טובים", ווייל איך בין לא עליכם געווען דער אינטריגאַנט. דער אַקטיאָר האָט געדריקט איינינגע מאָל זיין רעוואָלווער, אָבער אומזיסט די אַרבייט, עס געהט ניט ! נור, הערט בעסער כסדר ווי עס איז צוגעגאַנגען די שיסעריי :

— וואַרט, דו באַנדיט ! — האָט דער שיסער פלוצלונג: אויסגעשריען דראַמאַטיש צו מיר — דיין ענדע איז שוין געקומען, זאָג אָב „שמע ישראל" און מיט דיזען רעוואָלווער וועל איך דיינע געהירן פערברענען, אַך טייפעל און העלע !

— אָבער זעהט, האָט רחמנות — האָב איך זיך געבעטען — איך וועל שוין מעהר ניט זיין קיין שלעכטער מענש, לאָזט מיך לעבען נאָך כאָטש איין שטונדע, האָט רחמנות און שיסט מיך ניט.

— ניין, ניין, דו טייפעל ! — האָט געדונערט דער ליעבהאָבער, ציטערענדיג אויף מיר זיין רעוואָלווער — האָסט נור צייט ביז איך וועל אָבצעהלען 3, און דאַן שיס איך. נו, איך צעהל שוין : ניט איינס — ניט צוויי — ניט דדדרדריי — פּאַף ! פּיף!

אָבער אַ נעכטיגער טאָג ! דער רעוואָלווער האָט ניט געוואָלט שיסען און האָט אויך צום מאָל קיין קלאַפּ אַרויסגעגעבען. ווי דער שיסער האָט דערזעהן אַז ער ליעגט אין ראָסעל, האָט ער געגעבען אַ שליידער דעם רעוואָלווער און אויסגעשריען מיט

א העכסט דראַמאַטישען טאָן דיזע ווערטער וואָס זיינען גאָר ניט געווען אין זיין ראָלע:

— אָה, ניין — האָט ער געברומט — איך וועל דיר ניט שיסען, ווייל דאָס איז אַ צופיעל איידעלער טויט פאַר דיר; איך וועל דיינע געהירען ליעבערסט ארויסשמייסען אויף אַן אַנדער אָרט מיט אַ בריק אין הינטען!

און ביי דיזע ווערטער האָט ער מיר געגעבען אַ לעדערנעם שלום עליכם, דאָס הייסט אַ בריק אין באַלף מחילות. איך בין געפאַלען „טויט" און דער פאָרהאַנג איז געפאַלען. דאָס פובליקום האָט אפשר ניט פערשטאַנען ווי אזוי מען קען פערליערען די געהירן דורך אַ בריק אין הינטען, אָבער מען האָט דאָך אַפּלאָדירט דעם העלד פאַר זיין לעדערנעם שלום עליכם אויף מיין ריינעם אָרט. ביי אַן אַנדער געלעגענהייט האָב איך אַליין בעדאַרפט דערשיסען מיין שוויגער אויפ'ן הסיבה־בעט אין דריטען אַקט, און אויך מ י י ן רעוואָלווער האָט דאַן געסטרייקט; אָבער אויך א י ך האָב זיך אַן עצה געגעבען — איך האָב דערוואָרגען מיין שוויגער מיט אַ האַנדטוך.

## דער רעפּאָרטער דערצעהלט.

ווי איהר ווייסט איז מיין ביזנעס צו געהן צו מיטינגס און בעריכטען דערנאָך אַלעס אין אַ אידישע בלאַט פאַר וועלכע איך אַרבייט. נו, עס טרעפט מיר זעהר אָפט אַז איך טרעף זיך צוזאַמען מיט אייניגע קריסטליכע רעפּאָרטערס וועלכע מען האָט איינגעלאַדען כדי זיי זאָלען אַלעס בעשרייבען אין די צייטונגען. עס איז געווען אַ גרויסער מיטינג בערופען אין די בראָנקס וועגען אַ וויכטיגע זאַך. דער עולם איז צוזאַמענגעקומען פונקט אַכט אוהר אבענדס און דער ערשטער רעדנער האָט אַנגעפאַנגען זיין

דרשה. די ענגלישע רעפּאָרטערס האָבען זיך געזעצט אויפשרייבען וואָס זיי הערען. פּלוצלונג האָט דער רעדנער זיך צוהיצט און אויסגעשריען:

— „נו, זאָגט אליין, פאַרוואָס האָט מען בעדאַרפט מאַכען אזא יאַריד אין הימעל?"

דער אַמעריקאַנער רעפּאָרטער האָט זיך באַלד געווענדעט צום שוחט וואָס איז דערביי געזעסען, און איהם געפרעגט וואָס דער רעדנער האָט געזאָגט.

„הי סייד דזשאַסט נאַו — האָט ער ערקלעהרט אין זיין ביסעל געבראָכענע ענגליש — הי סייד: וואי דו יו מייק סאַטש א מאַרקעט אין העווען?"

— איך פערשטעה אייך ניט — האָט דער ענגלישער רעפּאָרטער געמורמעלט — האָט אפשר דער רעדנער געמיינט אז די מלאכים מאַכען א מאַרק אין הימעל? ער רעדט געוויס פון א קאָנווענשאָן פון מלאכים. אָבער וואָס מיינט עס?

איידער דער שוחט האָט צייט געהאַט צו ערקלעהרען די מיינונג פון „מאַכען א יאַריד אין הימעל", האָט דער רעדנער אויף דער פּלאַטפּאָרמע זיך ווידער צוהיצט און אויסגעשריען:

„איך זאָג אייך, מיינע פריינדע, אז די גאַנצע זאַך וועט זיך אויסלאָזען א בוידים מיט א פּאָליצע".

דער יענקישער רעפּאָרטער האָט וויעדער געפרעגט דעם שוחט וואָס ער האָט געזאָגט, און ער האָט געקראָגען דיזע ווערטערליכע איבערזעצונג:

— הי סייד: לעט מי טעל יו מאַי פרענדס, אַוו דהי האָל טינג וויל קאַם אוט א גערעט ענד א שעלף.

דער רעפּאָרטער האָט א ווייַלע געשריבען, אָבער ער האָט באַלד פערלאָזען די האָל האַלב צומישט, און אויף מאָרגען איז

געוועז געדרוקט אין אַ גרויסע נויאָרקער צייטונג, אַז אַ מערקווירדיגער אידישער רעדנער האָט געהאַלטען אַ מערקווירדיגע רעדע אין וועלכע ער האָט ערקלעהרט די שוואַרצע קונץ ווי אַזוי מען קען פערבלענדען די אויגען פון פּובליקום און זיי ווייזען אַ קאָנוועגשאָן פון מלאכים אין הימעל, אָדער צו פערוואַנדלען אַ בוידעם אין אַ מאַשינאָווע בעט, אַ קעלער אין אַ פּאָליצע און אַ פּיאַנאָ אין אַ וואַלגערהאָלץ. ער האָט אָבער ניט געהאַט איין וואָרט וועגען עיקר פון דעם מיטינג — צו מאַכען אַ מקוה אין די בראָנקס. מען זאָגט, אַז דער רעפּאָרטער איז נעבאך משוגע געוואָרען, און זיין משוגעת בעשטעהט אין דעם וואָס ער האַלט אין איין שרייען אויף ענגליש:

— אוועק פון מיר, נעהמט אוועק דעם יאַריד פון מיין הימעל, ווען ניט וואַרף איך אייך אַ בוידים אויף אייער פּאָליצע...

## דער בערזען־שפּעקולאַנט דערצעהלט.

— איך האָב אָנגעפאַנגען מיין פּראָפעסיאָן צו שפּעקולירען.

— האָט ער דערצעהלט — ווען איך בין אַלט געוועז בלויז 5 יאָהר, און דאָס האָט פּאַסירט אין טעלז — די קליינע ליטווישע טעלז — וואו איך בין געוועזן אַ ישיבה־בחור און געגעסען טעג. איך האָב דאַן געהאַט צוויי מיטוואָכס, אָבער עס האָבען מיר געפעהלט צוויי אַנדערע טעג — מאָנטאג און פרייטאַג. אין דער זעלבער ישיבה איז געוועזן אַ ווידוקלער ישיבה־בחור, טאָדרעסקע מתמיד, וועלכער האָט בלויז געהאַט דריי פרייטאגס און צוויי מאָנטאגס. מיר זיינען ביידע צוזאַמענגעקומען אין דער ווייבערשער שוהל, וואָס מיר האָבען פערוואַנדעלט אין אַ בערזע, און מיר האָבען זיך געביטען „טעג" — צוויי פרייטאגס פאַר אַ מיטוואָך, מיט אַ פּעקעל טאַבאַק צוגאָב. דעם צוגאָב האָט מען גע־

מוזט געבען, ווייל וועהרענד מיטוואָך האָט דריי מאָהלצייטען, האָט פרייטאָג בלויז צוויי מאָהלצייטען, דען דער דריטער מאָהל־צייט געהערט דאָך שוין צו דעם ביי וועמען מען עסט שבת. ווי איהר הערט, פריינדע, איז דאָס געוועזן מיין ערשטער טריט אין ספּעקולאַציאָן, און דארום בין איך פערבליבען אזא ספּעקולאַנט. מיין ערשטע ספּעקולאַציאָן איז אַלזאָ געוועזן מיט „טעג״.

## וואָס דער דאָקטאָר דערצעהלט.

— ווי איהר ווייסט — האָט אָנגעפאַנגען דער דאָקטאָר — בין איך געוועזן מיט איייניגע יאָהר צוריק דער צאָהן־דאָקטאָר אין א קליינע שטאָדט פון דער וועסט. א פעראיין פון יונגע לייט האָט דאָרט געפּלעט (גערעפעלט) אן אינדיק און א חזיר׳ל, ווייל דיזער פעראיין בעשטעהט איבערהויפּט פון קריסטליכע יונגע לייט, כאָטש דאָרט געפינען זיך אויך איייניגע אידען פון ביזנעס וועגען. אָבער, ווי אויף להכעיס איז דער גורל פון פּלעט געפאַלען אזוי אז דעם אינדיק האָט געוואונען אן איירישער קאָנדוקטאָר, א אידישער קרעמער האָט געוואונען דאָס חזיר׳ל. אַלע האָבען זיך צולאַכט ווען מען האָט אָבגעגעבען דאָס חזיר׳ל צום איד׳ען וועל־כער טראָגט א באָרד, פיהרט א שטאָטיק און איז אויך פּרעזידענט פון עפּעס א חברה׳לע.

אָבער, וואָס טהוט ער מיט׳ן חזיר׳ל ? דער איד איז גע־פאַלען אויף א פּלאַן : עס אויסבייטען אויף אן אינדיק אין מארקעט. בקיצור, אונזער פּרעזידענט האָט איינגעוויקעלט דעם חנ׳עוודיגען חזיר אין זיין ראָק און האָט איהם געטראָגען איבער דער גאַס. אָבער ער האָט אָנגעפאַנגען שרעקליך קוויטשען (דער חזיר, ניט דער פּרעזידענט) און נאַטירליך האָט ער (דער פּרע־זידענט, ניט דער חזיר) זיך געבעטען מיט גוטען און בייזען ער

זאָל ניט מאַכען זיינע פּאָעטישע קולות. אָבער דער חזיר האָט
נאָך שטאַרקער געקוויטשעט און זיי ביידע, דער חזיר מיט'ן
פּרעזידענט, זיינען ענדליך געקומען צו אַ קריסטליכען קצב
וועלכער האָט אויסגעביטען דעם חזיר אויף אַ גאַנז. דאָך ווען
ער איז געקומען אַהיים האָט דער רב פון זיין געמיינדע איהם
דערצעהלט, אַז אויך די גאַנז איז טריפה ווי חזיר, ווייל מען
טאָר קיין הנאה ניט האָבען פון אַ חזיר אפילו ווען מען בייט עם
אויס אויף אַ כשר'ה זאַך ! דער פּרעזידענט האָט אַ ווײַלע גע־
טראַכט, האָט פערקויפט די גאַנז פאַר צוויי דאָלאַר און איז גע־
קומען צו מיר איך זאָל פאַר דיזע צוויי דאָלאַר איהם אַרויסנעה־
מען צוויי שלעכטע ציינער.

און ווי איהר פערשטעהט, האָט ער פאַר זיינע צוויי דאָלאַר
קיין הנאה געהאַט... אָבער אויך איך האָב קיין הנאה געהאַט פון
דיזע צוויי דאָלאַר, ווייל איך האָב דערפאַר געקויפט צוויי בי־
לעטען צו זעהן אַ רעאַליסטישע דראַמאַ, וואָס איך האָב אויס־
געקרענקט.

# פּנים-רעפּאָרם-אינסטיטוט

(אַ פאַנטאַסטישע מעשה'לע)

לאַנגע נעזער, געזיכטען פערדרעהטע,
קורצע שטערענס, ליפּען צושפּרייטע,
איהר אַלע געהט צו דר. סקינער דע־לינץ,
ער וועט אייך מאַכען שעהן ווי אַ פּרינץ.

דאָס איז געווען די מליצה מיט גרויסע ווערטער און אַ שעהן בילד וואָס איז געהאַנגען פאַר'ן טיהר פון דר. סקינער דע־לינץ, דער דירעקטאָר פון „פּנים־רעפּאָרם־אינסטיטוט" ווי ער האָט אליין בעטיטעלט זיך און זיין מעדיציניעשען אַנשטאַלט.

נור לאָמיר לאָזען געהן ווי עס האָט אויסגעזעהן דרויסען פאַר'ן טיהר פון דיזען מערקווירדיגען אינסטיטוט, און לאָמיר בעסער אריינפיהרען דעם לעזער אינוועניג. דר. סקינער דע־לינץ איז געזעסען מיט אַ ציגאַר אין מויל און האָט גאַנץ ערנסט ער־קלעהרט זיין אַסיסטענט דר. סקימער, אַז זייער „פּנים־רעפּאָרם אינסטיטוט" האָט שוין דערגרייכט די העכסטע קונסט צו ענ־דערן אַבי וועלכען פּנים, פּונקט ווי אַ גוטער שניידער קען מאַכען פון אַ בגד וואָס ער וויל, און בכן איז שוין פאַר זיי צייט עפּעס ארויסצוקומען מיט אַ שפּאָגעל־נייע סענסאַציאָן אין זייער פּראָ־פעסיאָן, און טאַקי מאַכען נאָך מעהר געלד.

— איך וועל אייך זאָגען, דר. סקינער — האָט דר. סקימער אָנגעפאַנגען — ווי באַלד אַז איהר פערגלייכט אונז שוין יאָ צו שניידערס, איז מיר איינגעפאַלען צו פרעגען : ווער זיינען די

בעסטע שניידערס פון דער וועלט ? גענוים ניט די יעניגע וואָס מאַכען קליידער לויט דער מאָדע, נור די וועלכע טראַכטען אַליין אַרוים אַ נייע מאָדע ווען זיי ווילען, און צווינגען דעם עולם זיך צו קליידען לויט די מאָדע וואָס די שניידערס לאָזען אַרוים. יעצט פרעג איך אייך, פריינד סקינער, פאַרוואָס זאָלען מיר ניט נאָכטהון די גרויסע שניידערס ? פאַר אונז טויג ניט ווען אַ קליענט קומט צו אונז און זאָגט אַז זיין נאָז איז צו קורץ אָדער צו לאַנג, אָדער זיין מאָרדע צו שפּיציג, און מיר זאָלען עס מאַכען ווי ער וויל. ניין, דאָקטאָר, מיר אַליין דאַרפען בעשליסען צווישען זיך אַז איין סיזאָן זאָל זיין די מאָדע צו טראָגען לאַנגע נעזער, אַן אַנדער סיזאָן וועלען מיר אַרויסברענגען קורצע נעזער, נאָך אַן אַנדער סיזאָן פּלאַטציגע נעזער און אַזוי כסדר, ווי די שניידערס טהוען, און אויף אַזאַ אַרט וועלען מיר זיך אָנשיטען מיט מיליאָנען. ניט אמת ?

— טאַקי אַן אויסגעצייכענטער פּלאַן ! — האָט אויסגעשריען דר. סקינער דע־לינץ — אָבער מיר מוזען צוערשט זיך פערשאַפען אַ געוויסען מאָדעל פון אַ פּנים וואָס זאָל געפעלען אַלעמען, און דיזען שעהנעם פּנים וועלען מיר „קאָפּירייטען" אין וואַשינגטאָן. צוערשט לאָמיר אויפזוכען אַ שעהנעם מאָדעל פון אַ מענערשע געזיכט, און ווען דאָס וועט זיין אַן ערפאָלג, וועלען מיר זיך אויך נעהמען צו די פרויען, ווייל מיט דאַמען מוזען מיר זיין מעהר פאָרזיכטיג. אַלזאָ, צוערשט אַ שעהנעם מאָדעל פון אַ פּנים פיר מענער.

דר. סקימער איז אַרויסגעגאַנגען אויף בראָדוויי און 42טע סטריט, און אויף פינפטע עוועניו פון יענער געגענד, אום צו געפינען עפּעס אַ אידעע, אַ מאָדעל פון אַ ריכטיג שעהן פּנים וואָס זאָל אונגעפעהר געפעלען ווערען אַלעמען, און וואָס זאָל דיענען אַלס אַ מוסטער־מאָדעל פאַר'ן „פּנים־רעפאָרם־אינסטיטוט".

נאָכדעם ווי דר. סקימער האָט אַזוי אַרומשפּאַציערט אייניגע שטונדען האָט ער בעמערקט אין אַ פאָטאָגראַפישע גאַלערי אַ בילד מיט אַ מערקווירדיג שעהנעם פּנים פון אַ מאַן, אַ פּנים וואָס איז ניט נור שעהן, נור אויך נאָבעל, אַנגענעהם, פריינדליך און מאַגנעטיש. דאָקטאָר סקימער האָט ניט לאַנג געטראַכט, ער האָט געקויפט דאָס בילד אום דאָס איבערצוגעבען צו אַ גוטען סקולפּ־טאָר, און ער איז געווען זיכער אַז מיט נאָך קלענערע אויסבע־סערונגען פון סקולפּטאָר, וועט דער קאָפּ אין גיפּס זיין דער שעהנסטער מאָדעל וואָס וועט מוזען געפעלען אַלעמען ! אין אייניגע טעג אַרום, ווען דער סקולפּטאָר האָט געבראַכט דעם וואונדערשעהנעם קאָפּ, זיינען ביידע דאָקטוירים געווען העכסט צופריעדען מיט זייער מאָדעל און זיי האָבען אָנגעפאַנגען שטאַרק אַנאָנסירען אין אַלע צייטונגען וועגען זייער נייעם פּלאַן. דער „אַדווערטייזמענט", וואָס איז געווען אין גראַמען, האָט געלויטעט אונגעפעהר אַזוי :

„ווילט איהר האָבען אַ פּנים פול חן
און אויך זיין ווי אַ מלאך שעהן ?
ווילט איהר זיין ערנסט ווי אַ ריכטער,
טרוימיש ווי אַ מוזיקער, אַ דיכטער ?
ווילט איהר אויסזעהן ווי אַן אַריסטאָקראַט,
אַ חכם, אַ גבור, אָדער גאָר אַ דיפּלאָמאַט,
אַ טראָסט־מאַגנאַט אָדער אַ פּרינץ ? —
דאַן געהט צו דר. סקינער דע־לינץ.

ביי דער זייט פון דיזע „פּאָעזיע" איז געווען דאָס בילד פון דעם נאָבעלען שעהנעם פּנים, און אונטען איז געווען די אַדרעסע פון דעם „פּנים־רעפאָרם־אינסטיטוט" אויף בראָדוויי. דער רע־זולטאַט איז געווען ווי ערוואַרטעט. דען באַלד אויף מאָרגען האָ־בען זיך בעוויזען אייניגע פּערזאָנען מען זאָל „רעפאָרמירען"

זייערע פּנים׳ער לויט דעם פּנים וואָס זיי האָבען געזעהן אויפ׳ן אדווערטייזמענט. דער ערשטער פּאַציענט וועלכען דער דאָקטאָר האט אריינגענומען אין אָפּעראַציאָנס־צימער, האָט געהאַט אַ שרעקליך געזיכט. ער האָט אויסגעזעהן עפּעס ווי אַ רויבער. „ער מוז זיין אַ וואַלד־גזלן — האָט דער דאָקטאָר געטראַכט — אָבער ווען דער פּאַציענט האָט איהם געזאָגט אַז ער איז אַ מלוה אויף פּראָצענט, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צו זיך אַליין מיט אַ שמייכעל, אַז ער האָט שיער געטראָפען... דער מלוה האָט ערקלעהרט, אַז ער האָט אַ קאָנטאָר און מאַכט גוטע געשעפטען. אָבער ער וואָלט געמאַכט צעהן מאָל אַזוי פיעל בעסערע געשעפטען, ווען ער וואָלט ניט געהאַט אַזא שרעקליכען פּנים וואָס פערטרייבט מענשען.

אין ווייניגער ווי אַ שטונדע, ווען דער מלוה איז געלעגען „פערשלעפערט”, האָבען ביידע דאָקטוירים אָבגעטהון דעם גרעסטען טהייל ארבייט. אין הויט פון שטערן האָבען זיי אַריינגעגאָסען פּעטענט וואקס אַז דער שטערן זאָל זיין איבעראַל גלייך אָהן הויקערס, ווי אויף דעם נאָבעלען פּנים פון זייער אַדווערטייזמענט. מיט אַנדערע מיטלען האָבען זיי בעהאַנדעלט דעם מלוה׳ס נאָז, מאָרדע און ליפּען, ביז זיין גאַנצער פּנים איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ זעהר סימפּאַטישעס געזיכט. ווען דער פּאַציענט האָט ערוואַכט פון זיין שלאָף־טרונק און מען האָט איהם געצייגט אַ שפּיגעל, איז ער געוואָרען אויסער זיך פון פרייד און האָט בעצאָהלט מיט פערגעניגען די 50 דאָלאַר וואָס די אַרבייט האָט געקאָסט.

דער נעכסטער פּאַציענט איז געווען אַ שיינקער, אויך מיט אַ ווילד־שרעקליכער צורה. ער האָט דערצעהלט, אַז ער וויל חתונה האָבען מיט אַ מיידעל וועמען ער ליעבט מיט׳ן גאַנצען הארצען, אָבער זי האָט קיין צוטרויען צו זיין משונה׳דיגען ווילדען אויס־

זעהן. אויך דיזער שיינקער איז מרוצה געוואָרען צו האָבען אזא שעהן פנים ווי דער אויף דעם דאָקטאָר'ס אדוועדטייזמענט... דער זעלבער שלאָף־טרונק און די זעלבע אָפּעראַציאָן ווי ביים מלוה, און דער פּאַציענט האָט פערלאָזען דעם דאָקטאָר'ס אינ־סטיטוט מיט אַ פּנים ווי אַן איידעלער פילאַנטראָפּ. דער דריטער פּאַציענט איז געווען אַ פּאָליטישען, וועלכער איז געווען קאַנדי־דאַט פיר ריכטער, און איז געווען כמעט זיכער מיט זיין זיעג, נור זיין פּנים איז איהם געשטאַנען אין וועג.

באַלד דעם ערשטען טאָג זיינען אין ניו יאָרק אַרומגעגאַנ־גען צוועלף מענשען, און יעדער פון זיי האָט געהאַט דעם זעלבען פּנים פון דעם מאָדעל וואָס דער דאָקטאר האָט געהאַט ביי זיך, אָהן צו רעכענען דעם דרייצעהנטען מאַן , פון וועמען דער מאָדעל איז אַראָבגענומען געוואָרען ! דר. סקינער און דר. סקימער זיי־נען בעשעפטיגט געווען טאָג און נאַכט, און ביז ענדע דער וואָך האָבען זיך אַרומגעדרעהט אין ניו יאָרק 116 מענשען וועמעס געזיכטער עס האָבען אויסגעזעהן ווי אויסגעקנאָטען פון זעלבען פורעם !

אָבער דעם נעכסטען זונטאג האָט פּאַסירט אין ניו יאָרק עפּעס וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָדט. ווען דער בע־ריהמטער רעווערענד דר. פלים־פלאַם האָט געענדיגט פּרעדיגען אין זיין טעמפּעל, זיינען צוגעגאַנגען צוויי געהיים־פּאָליציסטען און האָבען איהם אַרעסטירט אַז ער איז דער מאַן וועלכער האָט געגעבען אַ פאַלשען טשעק צו אַ פאַרמער. דר. פלים־פלאַם האָט זיי אָנגעקוקט אַז ער וויים ניט פון וואָס צו זאָגען, אָבער זיינע טענות האָבען איהם ניט געהאָלפען : די פּאָליציסטען האָבען געהאַט אַ פּאָלשטענדיגע בעשרייבונג פון פערברעכער'ס פּנים, לויט דעם פאַרמער'ס שילדערונג, אַ פּנים וואָס שטימט אין יעדען האָר מיט דעם דאָקטאָר פלים־פלאַם. נו, דאַרף מען נאָך האָבען

בעסערע בעווייזע ? אויף בראָדוויי איז אויך באַלד בעקאַנט געוואָרען אַז אין די זעלבע צייט ווען מען האָט אַרעטירט דר. פלים־פלאַם, האָבען אַנדערע צוויי פּאָליציסטען אַרעטירט אַ בעריהמטען טענאָר פון מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז פאַר דעם זעלבען פערברעכען פון פאַלשען טשעק צום זעלבען פאַרמער. און מען האָט אויך זאָגאַר געמורמעלט, אַז אַ מיליאָנער פון וואָלל סטריט איז אַרעטירט געוואָרען אויך פיר דעם זעלבען פאַלשען טשעק צום זעלבען פאַרמער.

אָבער די גרויסע סענסאַציאָן איז געווען אויף מאָרגען, מאָנ־טאג פריה, ווען צעהנדליגע דעטעקטיוום האָבען געבראַכט אין געריכט צוזאַמען מיט דר. פלים־פלאַם ניט ווייניגער ווי נאָך זעכציג פערברעכער, אַלע זעכציג מיט דעם זעלבען פּנים, און יע־דער פון זיי איז בעשולדיגט פאַר דעם זעלבען פערברעכען פון פאַלשען טשעק ! דער געלעכטער אין קאָורט איז געווען אונבע־שרייבליך. און זאָגאַר די פּאָליסלייט מיט די דעטעקטיוום האָבען זיך געקייקעלט פון געלעכטער. וואָס איז דאָס פאַר אַ כשוף ?! איז דאָס אַ חלום ? אָבער ווי קענען אַ הונדערט מענשען אין געריכט האָבען דעם זעלבען חלום ? דער ריכטער האָט נור גע־האָט כח צו זאָגען „פריי", און ער האָט באַלד גע'חלש'ט.

ווען דר. סקינער דע־לינץ האָט געלעזען אויף מאָרגען אין צייטונג וועגען דיזע קאָמעדיע אין געריכט, האָט ער געשריבען אַ בריעף און געבעטען אום ענטשולדיגונג דר. פלים־פלאַם, און אין די זעלבע צייט האָט ער בעשלאָסען מיט זיין פריינד סקימער אויפצוגעבען פאַרלויפיג ביז אַ געוויסע צייט דעם פּלאַן אַז „אַלע יעוואָנים זאָלען האָבען איין פּנים".

# דער גורל אויפ'ן ים

איך זאג אייך באלד פון אנפאנג, ווערטהע לעזער, אז פאר די וואהרהייט פון דיעזע מעשה'לע גאראנטיר איך אייך ניט, ווייל איך אליין האב ניט געזעהן דאס וואס איך געה אייך דערצעהלען, איך האב עס נור געהערט פון א מאן וועלכער האלט אין איין ארומפאהרען אויפ'ן ים פאר זיינע געשעפטען, און איך גיב אייך איבער דאס וואס ער האט מיר דערצעהלט :

איהר וועט אפשר פרעגען : צו וועלכען צוועק דארף איך פערנעהמען אזוי פיעל פלאטץ מיט אזא זאך וואס האט אפשר קיין מאל ניט פאסירט ? דער ענטפער איז, ווייל דיזע מעשה'־לע, ווען זאגאר בלויז פאנטאסטיש, איז שעהן, וואס זאג איך „שעהן"? זי איז ווילד, טראגיש, קאמיש, משונה'דיג, און איך ווייס אליין ניט וואס !

אדרבא הערט, וואס דער רייזענדער האט מיר דערצעהלט:

— איהר ווייסט דאך — האט ער אנגעפאנגען — אז דער ים ווארפט ארויס זעהר אפט פערמאכטע פלעשער אין וועלכע עס געפינט זיך בעשריעבען די טראגעדיע פון א שיף וואס האלט ביים זינקען. דער קאפיטאן פון שיף בעשרייבט געוועהנליך די לעצטע

מינוטען פון דער שיף און די פערצווייפעלטע פאסאזשירען, לעגט עס אריין אין א פלאש, פערמאכט עס גוט אוןווארפט עס אריין אין ים, אום די וועלט זאל אמאל אפשר קענען וויסען פון דער טראגעדיע וואס האט פאסירט מיט יענע אונגליקליכע שיף.

דא האט דער רייזענדער פעררויכערט א ציגאר, און ער האט פארטגעזעצט זיין ערצעהלונג ווי אזוי א מאטראז האט אמאל ארויסגעשלעפט אזא געהיימניספאלע פלאש פון ים ניט ווייט פון א ברעג. ער האט פיר א קלייניגקייט אבגעקויפט די פלאש פון מאטראז, איז אריין אין זיין צימער, האט צובראכען די פלאש, און ארויסגענומען פון דארט א גרויסען דאקומענט גע־שריעבען מיט א בליישטיפט. ניט אלעס האט ער געקענט איבער־לעזען, ווייל מאנכע ערטער זיינען געווען האלב־אבגעמעקט, און זאגאר דער נאמען פון די שיף איז געווען אין גאנצען אונמעגליך דורכצולעזען; אבער דאס וואס ער האט יא געקענט דורכלעזען זעהר דייטליך איז שוין גענוג. דער דאקומענט איז געווען דא־טירט מיט'ן טאג פון יענעם מאנאט, אבער ניט דאס יאהר. אט איז וואס ער האט געקענט דורכלעזען:

„12טער מערץ. — שלעכט, מיר געהען אויס פון הונגער, און מיר האבען נאך אלץ קיינעם ניט געטראפען, קיין שיף און קיין לאנד, וואס וועט זיין די ענדע? דער קאפיטאן האט אונז יעצט אנגעזאגט אז מארגען אין דיעזע צייט וועלען מיר אלע פאסאזשירען האבען א קאנפערענץ אויפ'ן בריק פון שיף, און מען וועטווארפען גורל... פארוואס זאלען מיר אלע אויסגעהן פון הונגער און שטארבען? מען וועט ווארפען גורל ווער פון אונז עס זאל זיין א קרבן, טאמער קומט אונז אנטקעגען אין א פאר טעג ארום א שיף. מיר זיינען ניט קיינע מענשען־פרעסער, אבער ווי קענען מיר אנדערש טהאן? אלזא, מארגען דער גורל.

„13טען מערץ. — מיר שטעהען יעצט אלע אויפ'ן בריק צום גורל, ויעמען מען זאל אויסקאָכען דעם ערשטען. פלוצלונג האָט דער קאַפּיטאַן זיך אָבגעשטעלט עפּעס ווי ער וואָלט געפונען א פיעל בעסערען פּלאַן, און ער האָט פאַר אונז געהאַלטען דיעזע רעדע :

„אונגליקליכע חברים, דאַמען און הערען. פון וואַנען קענען מיר אייגענטליך וויסען אז מיר וועלען ניט טרעפען א שיף פון היינט אין א וואָך ארום ? נו, פאַרוואָס זאָלען מיר בעגעהן אזא פערברעכען צו ערמאָרדען א מענשען זאָגאר ווען דאָס איז מיט א גורל און מיט זיין צושטימונג ? איך האָב א פיעל בעסערען פּלאַן : לאָמיר זיך צופריעדען שטעלען מיט בלויז אָבשניידען די לינקע פוס פון דעם וועלכער ציהט ארויס דעם שלעכטען גורל. מיט פינף אָדער זעקס פיס קענען מיר האָבען צו עסען שפּאַרעוו־דיג צוויי וואָכען, אז מיר זאָלען ניט דאַרפען אלע שטאַרבען. טאָמער מוזען מיר נאָך אזוי ארומבלאָנדזשען נאָך אייניגע מאָ־נאַט, און יעדער פון אונז וועט בלייבען חלילה אויף איין פוס, איז דאָס נאָך אלץ בעסער ווי דער טויט. ניט אמת ? זעהען מיר וועניג מענשען ארומגעהן מיט בלויז איין פוס אין יעדע גרויסע שטאָדט ? לאָז זיך אונז אָבדוכטען אז א קאַר איז אונז אריבערגעפאָהרען, אָדער מיר האָבען זיך „געראַטעוועט" פון א באָהן־אונגליק. אי, וואָס, טאָמער וועלען מיר האָבען אויפגעגעסען די לינקע פיס און קיין הילפע וועט נאָך אלץ ניט קומען ? נו, וועלען מיר זיך נעהמען מיט גורל אויף צו אונזערע רעכטע פיס, און דערנאָך צו אונזערעביידע הענד. אלץ בעסער ווי שטאַר־בען ! דער דאָקטאָר פון שיף פערזיכערט מיר אז ער האָט געענוג כלאָראָפאָרם — די איינציגע זאַך וואָס מיר האָבען — און די אָפּעראַציאָן וועט דאַרום צוגעהן גאָר אָהן שמערצען.

איהר דארפט אָבער אַליין פערשטעהן אַז דער דאָקטאָר דארף אונז מאַכען די אָפּעראַציעס, און די קעכין וועט אונז מוזען גע־בען צו עסען. זיי ביידע זיינען דארום פּטור פון גורל. איך ווייס גאַנץ גוט, מיינע פריינדע, אַז מיין פּלאַן איז ניט אַזאַ ליעבע בשורה פאַר אונז, אָבער אַ ברירה האָבען מיר ? אַלץ בעסער ווי שטאַרבען !

„דער פאָרשלאַג פון קאַפּיטאַן איז אָנגענומען געוואָרען אַלס זעהר פּראַקטיש, מיר האָבען זיך אַלע צוקושט, און מיר זיינען געגאַנגען צום גורל".

„16טער מערץ. — איך בין שוין היינט ניט אַזוי פער־שמאַכט ווי געסטערן. דער דאָקטאָר האָט אָנגעפאַנגען געסטערן אָבענד זיין אַרבייט, און האָט אַראָבגענומען דריי לינקע פיס: פון אַ גראָבען מאַטראָז, פון אַ דאַמע אַ זינגערקע, און פון אַ יאַפּאַ־נעזישען אָפיציער וועלכער האָט געשענקט זיין לינקע פוס אַ נדבה, גאָר אָהן אַ גורל ! דאָס הייסט ביי מיר אַ שעהנע נדבה פון אַ פילאַנטראָפּ".

„16טען אַפּריל. — אופּפּפּף ! וואָס מען בעגעגענט דאָ קאַליקעס, אויפ'ן בריק. איך האָב שוין מעהר ווי אַ מאָנאַט ניט געשריעבען. מזל טוב, מיין לינקע פוס האָט מיר שוין געזאָגט „אדיע". נור אבי איך האָב נאָך מיין רעכטע פוס און ביידע הענד. שרייבען קען איך נאָך ? און שטאַרק הונגעריג בין איך אויך ניט ? גאָט צו דאַנקען דערפאַר !..."

„10טער יוני. — שרעקליך ! האַלבע מענשען קייקלען זיך אויפ'ן בריק און זיי זינגען נאָך ? אָט איך אַליין וואָס איך בין שוין אָהן מיינע ביידע פיס, איך האָב היינט גאָר געלאַכט, איך ווייס אַליין ניט פאַרוואָס. מיר אַלע זעהען אויס אַ חורבן צו קוקען, בלויז דער דאָקטאָר און די קעכין, זיי שיינען און

שמייכלען. וועט איהר עס גלויבען ? זייביידע ווערען גאָר דיקער... — — — — —

דער רייזענדער וועלכער האָט מיר דאָס אַלעס דערצעהלט, האָט זיך אויסגעהוסט און געענדיגט מיט דיעזע בעמערקונג :

„דאָס איז אַלעס וואָס איך האָב געקענט דורכלעזען אויפ׳ן דאָקומענט פון פלאַש, און איך וואָלט זעהר וועלען וויסען וואָס די ענדע איז געוועזן מיט דיעזע האַלבע מענשען. זיינען זיי כאָטש אָנגעקומען צו אַ ברעג, אָדער האָבען זיי געקראָגען הילף ? אפשר קענט איהר טרעפען די ענדע ? — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

# ווען די פּען לאַכט און וויינט

1.

מיר לעבען אין אַ דור פון שרייבען, אַ דור פון טינט און פּעדער. וועלכער מענש שרייבט ניט דורך דער וואָך עפּעס צו אימיצען? אָדער ווער האָט שוין ניט צוגעקוקט הונדערטע מאָל אין זיין לעבען ווי י ע נ ע ר שרייבט?

אַלע ווייסען גוט אַז אין דער צייט ווען מען שרייבט קריצט די פּעדער אויפ'ן פּאַפּיער, אָבער זעהר ווענינ ווייסען אַז אין דער צייט ווען מען שרייבט, ריידען דאָן די פּעדער מיט'ן פּאַפּיער זעהר אָפט עפּעס אַ געהיימע שפּראַך וואָס ווערט ניט פערשריבען. דער צוועק פון דיזע סקיצע איז אייך איבערצוגעבען די פּער־באָרגענע שושקעריי וואָס קומט פּאָר צווישען די פּעדער און פּאַ־פּיער אין דער צייט ווען איהר שרייבט. נאַטירליך, דער לעזער וועט מוזען מיר מוחל זיין און זיך מטריח זיין מיר נאָכגעהן וואו איך וועל איהם פיהרען אין פערשיעדענע פּלעצער, ווייל אויף יעדען שרייב־טיש איז די געהיימע שושקעריי עפּעס אַנ־דערש... לאָמיר צוערשט אריינגעהן אין אַ גרויסען דאָקטאָר־אָפיס וואו מען קורירט דורך קאָרעספּאָנדענץ אַלערליי קראַנק־הייטען — פון אַ בראָדעוואַקע ביז אַ לונגען־פּעהלער.

.2

די פעדער (שרייבענדיג) : „אזוי ווי איהר האָט מאָגען־קאַטאַר און הארץ קלאַפּענעס, דאַרפט איהר נעמען זעקס קעס־טעלאַך פון אונזער האַצמיכאַ־פּילען און איהר וועט ווערען געזונד ווי אַ טערק. אויב איהר נעהמט ניט באַלד אונזערע דאָזיגע פּילען זייט איהר פערלאָרען".

דאָס פּאַפּיער : „הער נור, פריינד פעדער : גלויבסטו דען וואָס דו פּידעלסט יעצט אויף מיר ? זאָ אָך־און־וועה צו אונז ביידען אז מיר מוזען העלפען בעשווינדלען אונגליקליכע מענשען" !

די פעדער : טאַקי אַ רחמנות אויף אונז ביידען ; אָבער ניין, איך שרייב מעהר קיין ליגען !

דאָס פּאַפּיער : נו, וואָס וועסטו אויספיהרען ? מען וועט דיך אַרויסוואַרפען דורכ'ן פענסטער און מען וועט שרייבען דעם שקר מיט אַן אַנדער פעדער.

די פעדער (שרייבענדיג ווייטער) : „די בעריהמטע האַצ־מיכאַ־פּילען האָבען שוין געמאַכט פון טויט לעבעדיג" ! (די פעדער שושקעט צום פּאַפּיער) אָי וועה איז מיר, פעדער, וואָס איך האָב שוין אָנגעשריבען שקרים פאַר דיזע מעדיצינישע קאָמ־פּאַני ! איך שעהם זיך דיך צו קוקען אין פנים, פריינד פּאַפּיר...

דאָס פּאַפּיער : איך אויך.

.3

יעצט לעזער, קום מיט מיר מיט אין אָפּיס פון אַ ווינקעל־אַדוואָקאַט און לאָמיר הערען וואָס די פעדער מיט'ן פּאַפּיער

רײדען צװישען זיך דאָרט װאו עס איז ניט װעניגער הײמליך...

די פעדער (שרײבענדיג) : „אין אנבעטראַכט אז טאָדרעס לאַכודראָװסקי האָט גענומען סחורה פון יאָקעל קראַצמיך פיר פינף טױזענד דאָלאר און ער װיל ניט בעצאָהלען” —

דאָס פּאַפּיער : דער אַדװאָקאַט נעהמט זיך אָן כלומרשט די קריװודע פון יאָקעל קראַצמיך ער זאָל קענען אײַנמאָהנען געריכטליך װאָס איהם קומט, אָבער אין דער אמת האָט טאָדרעס לאַכודראָװסקי שױן אונטערגעקױפט בלא יודעים דעם אַדװאָקאַט מיט אַ גוטע מטבע.

די פעדער : איך װײס דערפון, פרײנד פּאַפּיער, דען איך אַלײן האָב אַ װײלע פריהער עפּעס אַנדערס געשריבען אויף אַ צעטעלע פון די זעלבע האַנד... אָה, איך װײס גענוג אַזעלכע סודות זײט איך בין היער, דען איך האָב אונטערגעשריבען אַזוי פיעל פאַלשע אַפּידײװיטס...

.4

יעצט לאָמיר אַרײנשפּרינגען אויף פינף מינוטען אין אָפּיס פון אַ סטאַק קאָמפּאַני, װאו מען פערשפּרעכט צו די גלױביגע די װילדעסטע גליקען װי צו װערען אַ מיליאָנער איבער נאַכט.

די פעדער (שרײבענדיג) : „די קאָמפּאַני האָט זיך געגרינדעט מיט אַ קאַפּיטאַל פון 99 מיליאָן דאלאר אום אַרױסצוקריגען די אוצרות ראַדיום פון די אַלאַסקאַ־בערג, װעט אין גיכען אויסצאָהלען גרױסע פּראָצענטען צו די שעהר־האָלדערס און —

דאָס פּאַפּיער : גלױבסטו, פרײנד פעדער, אַז עס װעלען זיך געפינען אײזלען װעלכע װעלען טראָגען דאלארס צו דיזע קאָמפּאַני ?

די פעדער : עס פעהלען קיינע אייזלען אין ניו יארק.

דאָס פּאַפּיער : ווען דיזע נארען זאָלען אָבער זעהן וואָס איך זעה יעצט נעבען מיר, וואָלטען זיי זייער געלד ניט ארויס־געוואָרפען, אָט זעה איך איינינע פּראָטעסטירטע נאָוטס, איי־ניגע ניט־בעצאָהלטע בילס וואָס מען מאָהנט פון די נגידים וועל־כע בלאָפען מיט מיליאָנען, הא הא הא הא !

.5

לאָמיר יעצט מאכען א קליינעם שפּאציר אין א רעדאקציע פון א זשורנאַל וואָס טהיילט צו די לעזער „מתנות" אַלע מאָנטאג און דאָנערשטאג.

די פעדער (שרייבענדיג פאר'ן בלאָט) : „איהר זאָלט אייך ניט וואונדערען, מיסטער לעזער, וואָס מיר קענען בע־שטעהן אָוועקצוגעבען אַזעלכע טהייערע פּרעזענטען פון ריינסטען זילבער פיר בלויז די איינצאָהלונג פון פּרייז פיר אָבאָנעמענט. מיר טהוען עס אַלס אדווערטייזמענט צו פערשפּרייטען אונזער בלאַט, ווייל מיר האָבען אזא גרויסע צאָהל לעזער אז מיר קענען בעשטעהן צו מאכען דיזע אונגעהייערע אויסגאבען. מיר שרייבען עס פאר אייך, מיסטער לעזער, און מיר ווילען איהר זאָלט וואָס גיכער קומען אָבנעהמען אייער עכט־זילבערנעם חנוכה־לאָמפּ. אַלע ווייסען אז מיין פירמע איז ראיעל"...

די פעדער : איך קען זיך מעהר ניט איינהאַלטען. איך אַליין האָב א ווייַלע פריהער געשריבען א צעטעלע עפּעס צו א געהיימען שותף פון דעם דאָזיגען שרייבער און דערצעהלט זיין פּלאַן ווי אזוי צו זאָגען צו די קרעדיטאָרען „ניין"... אַי, איז דאָס א פאַלשע וועלט !

דאָס פּאַפּיער : און נאָך וואָס פיר א „ניין"! ער האָט אָנגעפּייפט אַלעמען.

.6

ווי באלד אז מיר האלטען שוין יא אין וואנדערען, ליעבער לעזער, לאמיר אויך מאכען א קורצען בעזוך א געוויסען ארומ־טרייבער וועלכער האלט זיך פיר א פאעט, שמירט אין זאגע־נאנטע לשון קודש, אין טאטערשע אידיש און זאגאר אין „איינ־געלים" אבער וואס קיינער וויל ניט דרוקען ווייל עס שטעהט ניעדריגער פאר קריטיק, און ער מוז עס דרוקען נעבאך אליין.

די פעדער (שרייבענדיג א פאעמא) :

„איך ליעב מיין אומה די שעהנע,
מיין אידיש הארץ איז א ריינע,
איך האב הסכמות א סך אי אי אי !
פון מארעדאווצעוו און טאלסטאי."

די פעדער : ווי האלט איך עס אויס, פאפיער ? דיזער תכשיט וועלכער שרייבט יעצט דיזע הילצערנע גראמען איז דאך אלעס־בייז ! ציוניסטען האבען איהם ארויסגעשליידערט, אלע צייטונגען האבען איהם באיקאטירט און ער ווייס אזוי פון פאעזי ווי א קאזאק קבלה.

דאס פאפיער : פאר דיזען חאצקעלע דארפען מיר קיין מורא האבען, ווייל ער האט צום מאל קיין שכל ניט ווי צו טראַ־גען א מאסקע, און אלע די וואס קענען איהם, ווייסען ווער דער פויגעל איז. אזא נפש איז ניט געפעהרליך.

.7

איידער איך ענדיג וויל איך נאך פיהרען דעם לעזער אין א האספיטאל וואו א קראנקער שרייבט א בריעף :

די פעדער (שרייבענדיג) : „מיין ליעבע מוטער ! עס איז

שוין דריי טעג נאָך מיין אָפּעראַציאָן אויף אַפּענדיסיטיס, און איך פיהל אַ סך בעסער. איך וועל געווים געזונד ווערען. דארפסט ניט וויינען, מאַמע" —

**דאָס פּאַפּיער:** וועה איז מיר! וואָס שרייבט ער דאַ? עס איז דאָך ניט אמת... ער קען ניט ענדיגען, זיין האַנד ציטערט, ער איז גוסס און וויים נעבאָך ניט.

**די פעדער:** געה, נאַרעלע, ער וויים עס יא, נאָר ער וויל דערפרעהען זיין מוטער באַטש אויף אַ ווײַלע, זי זאָל ניט וויינען...

**דאָס פּאַפּיער:** אויב אזוי איז ער מעהר בראַוו פאַר מיר, דער אונגליקליכער, דען איך קען עס ניט צוקוקען — איך האָב רחמנות אויף איהם.

**די פעדער:** איך אויך!...

# קונץ איז ניט קונסט

— האקט מיר ניט דעם קאָפּ מיט אייערע ערפינדונגען ! — האָט אויסגעשריען אין קאַפע־הויז איינער פון די פּאָעטען אין א שטורמישע דעבאטע — לאָזט מיר צורוה מיט אייערע ער־פינדונגען וואָס נעהמען אוועק פון טויזענדע מענשען דאָס ברויט פון מויל און די קונסט פון הארצען.

— מילא, דאָס ברויט פון מויל פערשטעה איך נאָך א ביסעל — האָט זיך אָנגערופען דער יונגער פּראָמינענטער אויפ'ן קוויטש — אָבער וואָס מיינט איהר מיט „די קונסט פון הארצען"?

— איך מיין גאַנץ איינפאַך אז ווי באַלד פּיאַנאָס און אָר־געלס קענען אליין שפּיעלען דורך עלעקטריק אָדער דורך אן אנדער מעכאַנישע מאַשינע, דאַרף מען דאָך אויף כפּרות די מוזיק־לעהרער, די ביכער נאָטען און די פּראַקטיקע פאר די פינגער. עס הייסט אלזאָ „אַדיע די קונסט !" און די פּיאַנאָ איז געוואָרען א מין נעה־מאַשין.

— איהר פּלוידערט מיין פריינד — האָט זיך אריינגע־מישט א זינגער וועלכער רעדט אויפ'ן באַס מיט הויכע ווער־טער — אדרבא, דיעזע מעכאַנישע פּיאַנאָס, אָרגעלס און אנדערע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען עפענען דאָך גיכער דעם וועג פון דער קונסט פיר אַלעמען, און זיי ענטוויקלען דעם עסטהעטישען געשמאַק פיר הארמאָני.

— חלעבען געגוג דעבאַטירען וועגען קונסט, לאָמיר בעסער

ענדיגען אונזער פריהעריגע דעבאַטע וועגען די קונסט אין כינא, וועגען די ערשטע כינעזישע קעניגע, עס איז פיעל מעהר אינטע־ערסאַנט.

— ביי דיזע ווערטער האָט צמח דער עסטהעטיקער אַראָב־גענומען זיין אויבער־ראָק און געגעבען אַ הוסט, ווי געוועהנליך ווען ער געהט עפּעס זאָגען.

— איך געה אייך היינט דערצעהלען — האָט אָנגעפאַנגען צמח — אַ מעשה׳לע וועגען קונסט און אויך פון כינא, דאָס הייסט : איך געה שיסען צוויי פויגעלאַך מיט איין מעשה׳לע. נור, איך זאָג אייך באַלד אין אָנפאַנג אַז מיין היינטיגע מעשה׳־לע איז ניט צום לאַכען אָדער צו שמייכלען, ווי געוועהנליך מיינע מעשה׳לאַך, נור אַן ערנסטע כינעזישע מעשה׳לע, העכסט פּאַ־עטיש, וואָס איך האָב געהערט פון מיין פריינד קונג־לי־האַי. מיין מעשה׳לע האָט דיזע מעלה וואָס זי איז נאָך קיינמאָל ניט דער־צעהלט געוואָרען אין אידיש.

צמח האָט פּעררויכערט אַ ציגאַר און אָנגעפאַנגען אזוי :

— אין דער צייט ווען דער קייזער מינג האָט געהערשט איבער כינא, האָט ער געהאַט דעם שעהנסטען פּאַלאַץ וואָס אַ מענשען׳ס האנד האָט ווען געמאַכט. דער פּאַלאַסט איז געוועזן פון די פיינסטע פּאָרצעליי, און אין גאָרטען ארום פּאַלאַסט זיינען געוועזן געפלאַנצט די שעהנסטע בלומען וואָס אַן אויג קען זעהן. יעדע בלום האָט אויסגעזעהן ווי גאָטעס אונטערשריפט אויף דער ערד. אָן דיזע בלומען זיינען אויך געוועזן אָנגעבונדען קליינינקע גאָלדענע גלעקעלאַך וואָס האָבען געקלונגען ווען אַ ווינטעל פלעגט בלאָזען, כדי מען זאָל קוקען אויף די וואונדער־שעהנע בלומען. דער גאָרטען איז געוועזן אזוי גרויס אַז זאָגאָר דער הויפּט־גערטנער האָט ניט געקענט אַלע ווינקעלאַך פון דיזען פּרעכטיגען גאָרטען, אויסגעפלאַסטערט מיט גרין־געקרוינטע

בוימער, מיט טייכעלאך און שעהנע קאנאלען וואס האבען זיך געצויגען ביז'ן ים. צווישען דיזע שעהנע בוימער אין קייזער'ס גארטען האט געוואהנט א נאכטיגאל וואס האט פערפלייצט דעם גארטען מיט טהייערע מעלאדיען, און איהרע געזאנגען האבען זיך געהערט ארום ווי א זיסער כשוף. פיעלע רייזענדע וועלכע פלעגען קומען בעזוכען דעם קייזער מינג, האבען זיך גאר ניט געקענט אבוואונדערען פון די פראכט און גלאנץ פון קייזער'ס פאלאסט, זיין גארטען און אלעס. נור, ווען זיי האבען דערהערט די נאכטיגאל, האבען זיי אן אלעס פערגעסען און געזאגט אז די שעהנסטע זאך וואס זיי געפעהלט אם בעסטען איז די נאכטיגאל. ווען זיי זיינען געקומען אהיים האבען זיי פערפאסט גאנצע ביכער וועגען דיזע וואונדערבארע נאכטיגאל.

„איין מאל ווען דער קייזער מינג האט געלעזען די ביכער— האט צמח ווייטער דערצעהלט—איז דער קייזער איבערראשט גע־ווארען צו הערען ווי אלע וועלכע האבען איהם בעזוכט, לויבען נור די נאכטיגאל. „וואס הייסט ? — האט דער קייזער אויס־געשריען — אלע לויבען די נאכטיגאל און איך וויים צו מאל ניט אויב איך האב אזא מין פויגעל אין מיין פאלאסט". דער קייזער האט צוגערופען זיינע מיניסטארען, און ער האט זיי בעפאהלען מען זאל באלד ברענגען פאר איהם דעם מוזיקאלישען פויגעל פון וועלכע די גאנצע וועלט רעדט און וועמעס שטימע ער אליין האט נאך ניט געהערט. דער בעפעהל פון מינג איז געשעהן און מען האט געבראכט די נאכטיגאל אין טהראן־צימער פון זיין מאיעסטעט אין געגענווארט פון אלע פרינצען, פרינ־צעסינס, מאדארינער, ראטה־געבער און אפיצירען וועלכע האבען זיך פערזאמעלט אויף די איינלאדונג פון זייער מאנארך. די נאכטיגאל האט אנגעפאנגען זינגען, זינגען זינגען, און די טענער וואס זיינען געפלויגען פון איהר קליין העלזעלע האבן אבגע־

קלונגען ווי מען וואָלט אויסגעשאָטען אַ בעכער פּעריל אויף אַ גאָלדענע הארפע. דער געזאנג האָט געריהרט אַלע הערצער, און אין די אויגען פון קייזער אַליין האָבען זיך בעוויזען טרעהרען. דער קייזער האָט געהייסען מען זאָל די נאכטיגאַל בעלוינען מיט אַ שנור פּערל אויף איהר האלז, אָבער די נאכטיגאַל האָט איהר קעפּעלע ארויסגעדרעהט פון דיזען פּרעזענט, פּונקט ווי זי וואָלט געזאָגט אַז זי דארף ניט דיזע מתנות, ווייל די בעסטע בע־לאָהנונג איז די טרעהרען וואָס זי האָט בעמערקט אין די אויגען פון קייזער, און זי האָט זיך ווידער צוזונגען איהרע טרעלען ריין ווי גאָלד און גלאַט ווי סאמעט.

„דער קייזער האָט געגעבען אַ בעפעהל אַז די נאכטיגאַל זאָל פון יעצט אָן בלייבען אין זיין וואָהנונג, אין אַ גאָלדענעם שטייגעל, און זי האָט די פרייהייט ארויסצוגעהן שפּאצירען צוויי מאָל אַ טאָג און איין מאָל ביי נאכט. אָבער זי מוז האָבען מיט זיך צוועלף בעדיענטע, יעדער פון זיי זאָל האַלטען אין האנד אַ זיידענע באנד וואָס זאָל זיין אָנגעבונדען אָן איהרע פיסעלאַך, זי זאָל ניט פליהען צו הויך אָדער צו ווייט. די נאכטיגאַל האָט וויניג פערגעניגען געהאַט פון אַזאַ מין שפּאצירען...

„מיט איניגע וואָכען שפּעטער איז אָנגעקומען צום קייזער מינג אַ פערפּאַקטער קאַסטען. אויף דיזען קאַסטען איז געווען אָנגעשריבען מיט גרויסע ווערטער „נ א כ ט י ג א ל„. דער קייזער האָט געמיינט אַז דאָס איז געוויס ווידער אַ נייער בוך וועגען זיין בעליעבטען פויגעל, אָבער ער האָט באַלד אויסגעפונען זיין טעות, ווען מען האָט דעם קאַסטען געעפענט. דאָס איז געווען אַ שטיק קונסט ארבייט, אַ נאכטיגאַל פון לויטער גאָלד און בעזעצט מיט דיאַמאַנטען. אָן דיזען מעכאַנישען פויגעל איז געווען אָנגעקלעפּט אַ צעטעלע ווי מען זאָל אויפציהן מיט אַ שליסעלע און עס וועט זינגען ווי אַ לעבעדיגע נאכטיגאַל. ווען זי

האָט אָנגעפאַנגען זינגען איז פון איהר פליגעלע אַרויסגעפאַלען א בריעף מיט דיזע ווערטער : „דיזע נאַכטיגאַל איז אַ מתנה פון דעם מיקאַדאָ פון יאַפּאַן קאַראַהיראָזאָ צום קייזער מינג פון כינא״. אַלע אין פּאַלאַסט האָבען ניט געקענט זיך אָבוואונדערען פון דיזען גרויסאַרטיגען געשאַנק.

— „זאָלען ביידע נאַכטיגאַלען זינגען א דועט, פיר צוויי שטימען — האָט דער קייזער געהייסען — און דאָס איז באַלד געשעהן. אָבער מען האָט זיי געמוזט שיידען אין מיטען געזאַנג, ווייל די לעבעדיגע נאַכטיגאַל האָט געזונגען מיט אייגענע מתיקות, מיט געפיהל, ווערהענד די מעכאַנישע פויגעלע האָט בלויז אַרויס־געזונגען לויט איהר ערשטען מעכאַניזם. דאַרום האָט זי געמוזט זינגען גאַנץ אליין, און זי איז דאָך געווען די ערשטע עטליכע טעג א גרויסער ערפאָלג, ווייל זי האָט געקענט איבערזינגען דעם זעלבען ניגון הונדערט מאָל און ניט מיעד ווערען. ווען דער קייזער איז מיעד געוואָרען הערענדיג אלץ די זעלבע מעלאָדיען, האָט ער געהייסען צוריק אריינברענגען די לעבעדיגע נאַכטיגאַל. אָבער, וואו איז זי אהינגעקומען ? ניטאָ די לעבעדיגע נאַכטיגאַל ! קיינער האָט ניט בעמערקט ווי זי האָט זיך דורכגע׳גנב׳עט דורך אַן אָפענעם פענסטער. דער מעכאַנישער פויגעל האָט איהר פער־טריעבען — די טויטע קונץ האָט פעריאָגט די לעבעדיגע קונסט!..

„דער קייזער האָט געמוזט זיך צופריעדען שטעלען מיט די נגונים פון מעכאַנישען פויגעל. איין אבענד ווען דיעזער פויגעל פון יאַפּאַן האָט געזונגען פאַר׳ן קייזער, וועלכער איז געווען אין בעט, האָט ער פּלוצלונג דערפיהלט ווי עפּעס אינווענייג האָט זיך צובראָכען, באַלד האָט געפּלאַצט א שפּרינגדזינע, און די מוזיק איז שטיל געוואָרען ! דער קייזער איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט מיט שרעק, האָט גערופען זיינע דאָקטאָרען, זיינע שטע־רען־זעהערס. אָבער, וואָס האָבען זיי געקענט העלפען ? זיין

ערשטער מיניסטער האָט איהם געהייסען רופען דעם אוהר־מאַכער, און נאָכדעם ווי דער אוהר־מאַכער האָט געאַרבייט אַ גאַנצע שטונדע איבער דיזע צובראָכענע זינגערקע, האָט ער ער־קלעהרט אַז ער קען צוריק ברענגען אין אָרדנונג דעם זינג־פויגעל בלויז אויף אַ קורצע צייט, דאָס הייסט אַז ער זאָל זינגען בלויז איין מאָל אין מאָנאַט, ווייל די מאַשינעריי אינוועניג איז שוין אָבגענוצט אין גאַנצען. און דאָ האָט דער קייזער ווידער זיך פערבענקט נאָך זיין לעבעדיגע נאַכטיגאַל, און דער גאַנצער הויף האָט געטרויערט וואָרום די טזיטע קונסט האָט פערטריבען די לעבעדיגע קונסט, אָדער, ריכטיגער, וואָרום קונץ האָט פער־טריבען קונסט !"

— מיין בינעזישע מעשה'לע איז צו ענדע — האָט צמח בעמערקט צום שלום — און איך זאָג אייך נאָך אַמאָל אַז איך קען ניט פערשטעהן ווי מישט מען קונסט מיט קונץ, ניט נור אין מוזיק, נור אויך אין טהעאַטער, אין צייטונג און אין בוך. די ריינע קונסט לעבט, זי ריהרט אונזערע הערצער און פער־וואָלקענט אונזערע אויגען, אָבער דער קונץ, די מעכאַנישע קונ־צען אויף דער ביהנע, אָדער אויף די בימה, מיט'ן מויל אָדער מיט'ן פעדער — דאָס איז ניט מעהר ווי אַ נאָכקרימענעס פאַר גראָבע יונגען, אידיאָטען און קליינע קינדער.

# צוויי געזונטע גבורים

(אַ קאָמעדיעלע אין 1 אַקט און 3 סצענעס).

---

## פּערזאָנען:

קאָהען, 65 יאָהר אַלט, לענדלאָרד. לעבט פון זיינע רענט.
ליוואַי, 60 יאָהר אַלט, לענדלאָרד, לעבט פון זיינע רענט.
מיסיס קאָהען, 55 יאָהר אַלט.

די סצענע קומט פאָר אין אַ פאַמיליען־האָטעל,
לענאָקס עוועניו, ניו יאָרק.

---

## ערשטע סצענע.

**ליוואַי:** יא, פריינד קאָהען, ווי איך האָב אייך געזאָגט, איז דאָס לעבען פון אַ לענדלאָרד, צוריקגעצויגען פון ביזנעס, אַ ביסעל לאַנגוויילינ. עס ווערט איינפאַך נמאס און מאוס צו זיצען און עסען פון פאַרטיגען.

**קאָהען:** יא, פריינד ליוואַי, עס איז געווים קיין מאכל צו עסען לעבעדיגע געלד. איך בין פון אייער מיינונג.

**ליוואַי:** בראַוואָ, מיסטער קאָהען, עס פרעהט מיך וואָס איהר שטימט איין אין אַלעס וואָס איך זאָג, טאַקע ווי אמת'ע פריינדע.

**קאָהען:** אַ שעהן פנים וואָלט געהאַט אונזער וועלט, ווען אַזעלכע צוויי גוטע פריינד ווי מירביידע זאָלען חלילה ניט שטימען. עס איז פיף־און־צוואַנציג יאָהר זייט מיר זיינען פריינ־

דע. געדענקט איהר, ווען מיר האָבען געפּעדעלט אויף די זעלבע עוועניו מיט בלעך ? אונזער פריינדשאַפט דויערט שוין זייט דאַן, נו, וואָס איז דער וואונדער וואָס מיר שטימען איין אין אַלעם ?

ליוואַי : פריינדשאַפט איז דאָך אַלעס, דען אָהן פריינד־שאַפט איז דער מענש א האַלבער מענש. אייך קומט געוויס א דאַנק פאַר אייער קלוגען פּלאַן, אַז איך זאָל וואָהנען מיט אייך צוזאַמען. איהר האָט אייך צוויי צימערען, איך האָב צוויי צי־מערען, און מיר האָבען איין פּאַרלאָר (סאַלאָן) פאַר ביידען, טאַקי ווי אמת׳ע גוטע פריינד. דער חילוק צווישען אונז איז נור, וואָס איהר האָט א ווייב, זאָל זי אייך געזונד און שטאַרק זיין, און איך בין אַן אַלטער בחור. נו, איז וואָס ? אבי איך האָב אייער פריינדשאַפט.

קאָהען (שטעלט זיך) : בראַוואָ, מיין טהייערער פריינד, איך בין מיט אייך איינפערשטאַנען. יעצט מוז איך אריבער־לויפען צו מיין שניידער אין 125טע סטריט (ער נעהמט ארויס זיין זייגער), עס איז 5 אוהר 20 מינוטען. איך האָב נאָך צייט 15 מינוטען.

ליוואַי (נעהמט ארויס זיין זייגער) : ניין, עס איז 5 אוהר 25 מינוטען.

קאָהען : 5.20, זאָג איך אייך.

ליוואַי : ענטשולדיגט, עס איז ניט 5.20 נור 5.25 ! אָט נאָט אייך, קוקט אייך איין.

ליוואַי : אייער זייגער פערשפּעטיגט זיך אין 5 מינוטען.

קאָהען : ניין, אייער זייגער לויפט אין 5 מינוטען.

ליוואַי : ווי קען מיין זייגער לויפען, אַז איך האָב איהם אַליין געשטעלט היינט נאָכ׳ן זייגער פון סאָבוויי ביי גרענד סענטראַל דיפּאָ ?

קאָהען : און ווי קען מיין זייגער קריכען, אז איך האָב איהם געשטעלט היינט אויפ'ן זייגער פון העראַלד סקווער ? אָה, ניין, איך האָב קיין טעות.

ליוואַי : דער זייגער אויפ'ן העראַלד סקווער איז אַן אַלט־מאָדישע מאַשינע אויף וועלכע מען קען זיך מעהר ניט פערלאָ־זען. וואָס קען מען ערוואַרטען פון אַ זייגער צו וועלכען די זונן קומט צומאָל ניט צו ווי געהעריג, ווייל עס איז פערשטעלט פון עלעוויימעד ?

קאָהען : וואָס טויג מיר „זונן", עלעוויימעד"? מיין זייגער איז דער ריכטיגער, און אייערער איז היינט „צור־דרומשקעט".

ליוואַי : א י י ע ר זייגער איז צודרומשקעט !

קאָהען : אָה, זייט איהר אַן עקשן !

ליוואַי : אָה, זייט איהר אַן איינגעשפּאַרטער ! מיין זייגער איז גאַראַנטירט פון די „האָף־פּאַסט סיקס קאָמפּאַני", אז ער וועט געהן ריכטיג צוואַנציג יאָהר מיט עלף טעג.

קאָהען : מען לאַכט פון איך, מען קען קיין זאַך ניט גאַראַנטירען פאַר צוואַנציג יאָהר, און מען האָט אייך געפיהרט אין באָד. צוואַנציג יאָהר מיט עלף טעג ! כאַ־כאַ־כאַ !

ליוואַי : מען האָט א יי ך געפיהרט אין באָד, ווען מען האָט אייך איינערעדט אויף אַ ציבעלע אַז דאָס איז אַ זייגער, כאַ־כאַ־כאַ־כאַ !

קאָהען : עס איז חלעבען נאַריש צו הערען, ווי איהר שטעהט מיט אייער חזיר'שע „פּאָטייטאַ" אין האַנד און רעדט פון מיין „ציבעלע"...

ליוואַי : וואָס האָט איהר געזאָגט ? „חזיר'שע פּאָ־טייטאַ"? זייט מוחל, מיסטער קאָהען, און בעהאַלט אייערע „כבודים פאַר אַנדערע פון אייער משפחה.

קאַהען : דאָס איז אַ ביסעל אַ חוצפּה צו זידלען מיין פאַמיליע. איך האָב עפּעס מיט אייך צוזאַמען חזירים געפּיטערט? איהר זייט אַן אונפערשעהמטער מענש !

ליוואַי : איהר זייט אַן אַלטער אידיאָט !

קאַהען : איך בין ניט מעהר אייער פריינד.

ליוואַי : איך בין קיינמאָל ניט געווען אייער פריינד.

קאַהען : איך אויך ניט. מיינע פריינדע זיינען אַלע שעהנע מענשען, פערהייראַטהע מענער ווי איך, ניט קיין אַלטע בחורים וואָס זיינען ניט מאָראַליש און קיין גוטע בירגער, ווי רוזוועלט זאָגט.

ליוואַי : אַזוי, איהר זייט מאָראַליש און עהרליך, האַ ? איך קען אייער מאָראַל ווען איהר לויפט נאָך די קעכין אין קיך, און איך קען אייער עהרליכקייט ווען איך שפּיעל מיט אייך אַלע אבענד אין פּינאָקעל... עס איז אסור ניטאָ וואָס מקנא צו זיין אייער ווייב. זי האָט פון אייך גענוג.

קאַהען : יאָ, ווי איהר קוקט איהר אַן האָט זי אויף ··ך 260 פונט צרות.

ליוואַי : זי איז ניבאָך טאַקי ניט קיין פאַרשוין, אָבער אַ מענש איז זי דאָך ווייניגסטענס.

קאַהען : און איהר זייט ניט קיין מענש און גאָר ניט, אוים מחותן מיט אייך, איך געה אייך צוריק אָבגעבען דעם נייר יאָהר'ס פּרעזענט וואָס איהר האָט מיר געגעבען, אָדער גיכער — וואָס איהר האָט מיין ווייב געגעבען, און איך וויל פון אייך ניט וויסען ! (קאַהען געהט ארויס).

צווייטע סצענע.

מרס. קאַהען : וואָס איז, האָסט זיך געקריגט ?

קאַהען : אַזאַ חזיר, אַזאַ באָדיונג ווי דער ליוואַי איז.

מרס. קאַהען : ווי אזוי איז געוואָרען אזוי גיך דיין בעסטער פריינד א באַדיונג ? דאָס חאָט זיך אויסגעלאָזען פון 25 יאָהר פריינדשאַפט ?

קאַהען : ער האָט אונזביידע געמאַכט ווי בלאָטע.

מרס. קאַהען : עס קען ניט זיין. אזא געלאַסענער מענש ווי ליוואַי איז, זאָל פלוצלונג...

קאַהען : מילא, וואָס ער האָט פון מיר געמאַכט בין איך איהם מוחל, אָבער ער האָט אָבגעלאַכט פון דיר, אז דו ביסט א שטיק פלייש פון 260 פונט און מאוס ווי די נאַכט.

מרס. קאַהען : רעכט אויף דיר. מען האַנדעלט ניט מיט חזירים, מען וואוינט ניט אין שכנות מיט קעשעניקעס און מען שפּיעלט ניט מיט א באנדיט אין פינאָקל. מיין אונגליק איז וואָס דו ביזט קיין מענש ניט !

קאַהען : מיינסט אַז איך האָב איהם געשוויגען ? איך האָב איהם אויסגערעכענט אַזא יחוס־צעטעל אַז עס איז איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען.

מרס. קאַהען : קוק איהם נאָר אָן ! ער האָט איהם „געגעבען". אַזא פּרא אדם ווי ליוואַי'קע דאַרף זיצען אין קייטען, אום ער זאָל וויסען אַז מען דאַרף האַלטען מויל.

(ליוואַי קומט אָן מיט אַ פּעקעלע אין האַנד).

## דריטע סצענע

קאַהען : ער קומט דאָ דער מטורף.

מרס. קאַהען : זיינע אויגען זיינען רויט. ער האָט גע־וויס געוויינט.

ליוואַי : איך ברענג אייך צוערשט אָב אייער פּרעזענט, און איהר גיט מיר צוריק אָב מיין פּרעזענט. פון אַ שונא וויל איך קיינע מתנות. אנשטאט צו זיצען צווישען שונאים, געה איך

בעסער פערוויילען א פּאָר שטונדען אין אידישען טהעאַטער, זעהן דעם „אידישען אָדער". עס איז שוין געווים באלד האלב נאָך 7 אוהר. (ער ציהט ארויס זיין זייגער) אָה, וואָס זעה איך ?! מיין זייגער שטעהט, עס איז נאָך 5.20 ווי פריהער. (ער לעגט צו דעם זייגער צום אויער). יא, ער שטעהט !

קאָהען : און איהר האָט מיר געוואָלט איינרעדען אז מיין זייגער איז א פּאַטייטע. (ער ציהט ארויס זיין זייגער). וואָס זעה איך ? ! ביי מיר איז נאָך אלץ 5.25, ניט מעהר. (ער לעגט איהם צו צום אויער) כלעבען, אויך מיין זייגער שטעהט !

ליוואַי : אויב אזוי, בין איך דאָך טאַקי געווען אונגערעכט. ענטשולדיגט מיר, מיסטער ליוואַי.

ליוואַי : ענטשולדיגט מיר, מיסטער קאָהען.

מרס. קאָהען : קוקט זיי נור אָן די צוויי געגזעגע גבורים ווי זיי שטעהען מיט די זייגערס אין האנד און ווילען וויינען ! וואָס איז אייך ביידען ? קראנק ?

קאָהען : עס איז געווען א טעות, מיין ווייב. ליוואַי געהט שוין ניט אין טהעאַטער, מיר געהען אלע דריי מאַכען א פּינאָקל. פּערפּאַלען, ווען מען איז פריינדע 25 יאָהר קען מען ניט ווערען קיינע שונאים אין א מינוט צוליעב א זייגער וואָס שטעהט.

ליוואַי : אמת, אונזערע זייגערס שטעהען, אָבער אונזער פריינדשאַפט שטעהט העכער פאר אונזער ביידענ'ס זייגערס, ניט אמת ?

קאָהען : א מענש אָהן פריינדשאַפט איז בלויז א האַלבער מענש.

מרס. קאָהען (צולאַכט זיך) : איך האָב מורא אז איהר זייט ביידע עובר בטל. אבי זייערע זייגערס שטעהען — געגזעגע גבורים !

(פ א ר ה א נ ג)

# וואַשינגטאָן שולדיג

מר. דזשייקאָב און אסתר פורפורשטיין האָבען א געוואָהנ־הייט צו פאָהרען יעדען פעברואַר פון יאָהר אויף צוויי וואָכען אין לייקוואוד, זיך אָברוהען. זיי טהוען עס פאַר די לעצטע דריי יאָהר זייט מר. דזשייקאָב פורפורשטיין האָט זיך אַרויפגעאַר־בייט פון ריעל עסטייט ; אַזוי מאַכען זיי יעדעס יאָהר רעגעל־מעסיג די רייזע דעם טאָג פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן'ס גע־בורטסטאָג, דער צוויי־און־צוואַנציגסטער פעברואַר. קיינע קינ־דער האָבען זיי ניט, די דיענסט האָבען זיי אַוועקגעשיקט אויף 2 וואָכען. פאַרוואָס זאָלען זיי ניט פאָהרען אין לייקוואוד? עס איז האַלב נאָך 8 אוהר אין דער פריה, אוןביידע קלייבען זיך צו דער קורצער רייזע וואָס דויערט בלויז „90 מינוטען פון האַרלעם" לויט די אָפיציעלע ציפער, וואָס נעהמט אַוועק אין דער אמת מעהר ווי דריי שטונדען, ווען מען בערעכענט די קאַרס, די פעררי און וואַרטען אויפ'ן עקספרעס.

דזשייקאָב (אונגעדולדיג) : נו, מאַך שוין גיכער, אסתר, מיר האָבען פונקט צייט צו כאַפּען דעם עקספרעס און אָנקומען אין לייקוואוד צו מיטאָג.

אסתר : איך קען נישט ליידען ווען מען שטעהט מיר אויפ'ן האַלז. דאַרפסט ניט פערגעסען אַז דער זייגער לויפט.

דזשייקאָב (וועלכער האָט ווירקליך אביסעל אונטערגע־

רוקט דעם ווייזער) : און איך דענק גראדע פערקעהרט, אז אונזער זייגער פערשפעטיגט זיך אין איינינע מינוטען.

אסתר : איך וויס בעסער, און אז איך זאג דער זייגער לויפט, לויפט ער. איך קאן ניט כאפען זיך איינוויקלען ווי א יאכנע און לויפען, איך מוז ארויסגעהן פון הויז ווי א מענש.

דזשייקאב : אבער מיר וועלען דאך פערשפעטיגען דעם טריין. דארפסט וויסען אז היינט איז וואשינגטאן׳ס געבורטס־טאג, ווען עם לויפען ניט קיינע עקספרעסען. (ער נעהמט לעזען א צייטונג און ווארט נאך א גוטע פערטיל שטונדע) : נו, וואס איז ? נאך אלץ ניט פערטיג ?

אסתר : אט באלד, אי האסטו א געדולד ! האסט מיר א טעם ווי אלע מאנסבילען מיט אייער געדולד. איהר האט אייך דען וואס אנצוטהאן ווי מיר פרויען ? ארויפווארפען א לאפצע און שוין, אבער מיר פרויען, אונז נעהמט צייט.

דזשייקאב : מיר קימערט ניט. אבער זאלסט וויסען זיין אז מיר וועלען פערשפעטיגען דעם טריין און מיר וועלען ניט קענען אנקומען דארט צו מיטאג. מיר וועלען ווידער מוזען ווארטען אויפ׳ן דיפא צוויי שטונדען אויף א טריין ווי לעצטען זומער ווען־מיר זיינען געפאהרען אין די קעטסקילס.

אסתר : נו, איז אפשר דאן געוועזן מיין שולד וואס די דרעסמייקערין האט מיר געבראכט מיין קלייד צו שפעט ?

דזשייקאב (ארויס פון געדולד) : פאהרען מיר היינט, אסתר, אדער מארגען ?

אסתר : וואס מיינטערסטו מיר ? געה ברענג א טעקסי־קעב ; ביז דער טעקסיקעב וועט דא זיין וועל איך זיין געוויס פערטיג. מיר וועלען פערשפארען עלעוויי טאר מיט קארס צום פעררי. וועט קאסטען נאך א דאלאר.

(דזשייקאב פאלגט, ברענגט א טעקסיקעב, מען רייזט אב,

אָבער זיי קומען אָן צעהן מינוט צו שפּעט. זיי מוזען וואַרטען אָנדערטהאַלבען שטונדען אויף אַן עקספּרעס. אסתר ברענט ווי אַ פייער און שילט די גאַנצע וועלט).

דזשייקאָב: האָב איך דיר ניט געבעטען זאָלסט מאַכען אַ ביסעל גיכער? עס לאָזט זיך אויס ווי איך האָב דיר פּותר חלום געווען.

אסתר: היינט געה וויים וואו מען איז אין דער וועלט, ווען מען האָט אַ זייגער וואָס האַלט אין איין לויפען גאַלאָפּ. עס איז שוין אַלע מאָל אַזוי מיט דיר: יעדעס מאָל ווען דו ריהרסט זיך צו מיט דיינע הילצערנע פינגערלאַך צום זייגער, לויפט ער אָדער ער קריכט. עס איז אָבער אין גאַנצען דיין שולד. ווען דו האָסט געזעהן אַז מען קען ניט אָנקומען צו דינער, האָסטו מיר ניט בעדאַרפט יאָגען איך זאָל אַרויסלויפען אויפ'ן ניכ־טערען האַרצען. מיר האָבען צייט געהאַט אָבצוועסען און פּאָה־רען ווי מענשען, ניט ווי שילויעס.

(די אָנדערהאַלבען שעה זיינען אַוועקגעלאָפען זיך רע־בענענדיג יחוס צווישען מאַן און ווייב. דער טריין האָט זיך ענדליך בעוויזען, די צוויי פּאַסאַזשירען קומען אָן אין לייקוואוד, און דער וואָלקען פון ערגערנעס ווערט מיט מזל פערשוואונדען).

אסתר: די ערשטע זאַך לאָמיר געהן עסען אין ערשטען רעסטאָראַנט וואָס מיר זעהען דאָ, און דערנאָך וועלען מיר געהן צו דיין האָטעל, וואָרום איך שטאַרב פון הונגער.

דזשייקאָב: לאָמיר אַריינגעהן באַלד איבער'ן וועג.

(מאַן און ווייב זיצען און וואַרטען אין רעסטאָראַנט זייט צעהן מינוטען. אסתר האָט בעשטעלט געבראָטענע פיש. זי זיצט אונגעדולדיג און וואַרט יועהרענד דזשייקאָב מאַכט דערווייל אַ שנאַפּס און פערבייסט מיט סעלערי).

אסתר: ווי געפעהלט דיר אַזאַ רעסטאָראַנט צו מיינע

צרות ? זיי זיינען מסתמא געגאַנגען צוערשט פאַנגען די פיש, אויף וועלכע איך וואַרט. קום לאָמיר געהן פון דאַנען.

דזשייקאָב : האָסט ניט געזאָלט בעטען פיש. עס נעהמט צייט.

(מען ברענגט די פיש, און אסתר מאַכט זיך פערטיג צו עסען, ווען פלוצלונג זי פאַנגט אָן עפּעס זוכען אין איהר סעט־שעל, אונטער'ן שטוהל).

דזשייקאָב : וואָס זוכסטו ? האָסט עפּעס פערלאָרען ?

אסתר : דעם שליסעל פון הויז.

דזשייקאָב : וואָס, האָסט פערלאָרען ?

אסתר : ניט פערלאָרען, נור... זאָג מיר, ווער פון אונז האָט פערשלאָסען די טיהר ?

דזשייקאָב : ווייסט דאָך, אַז דו ביסט אַראָבגעגאַנגען די לעצטע, און דו האָסט צוגעשלאָסען די טיהר.

אסתר : יאַ, אמת, איך האָב געוויס געלאָזען דעם שליסעל שטעקען אין טיהר. לאָמיר שוין לויפען צוריק, מען וועט אונז ברלות שטעלען, אויב מען האָט עס שוין ביז יעצט ניט געטהאָן. גיכער, קום !

דזשייקאָב : און עסען ?

אסתר : אונגליקליכער ! מען בערויבט אונז דאָרט, און איהם ליעגט גאָר אין זינען די אכילה ! אָבער אַזוי ווי די האַרץ האָט מיר געזאָגט אַז פון דיינע יאָגענים מוז אַרויסקומען עפּעס אַן אונגליק. נאַ, דאָ האָסטו דיר, אָבער ווער האָט דיר געבעטען לייקוואָוד ? ווער דאַרף דיינע פערגעניגענס. נו, מיר פאָהרען שוין צוריק. גיכער !

(זיי רופען צו דעם ווייטער, וועלכער זאָגט זיי אַז ווען זיי זאָלען זיך איילען קענען זיי כאַפּען דעם עקספּרעס נאָך ניו יאָרק. זיי קומען אָן דיזעם מאָל אין דער צייט, כאַפּען דעם עקס־

פרעס, און דזשייקאָב האָט קיין האָניג געלעקט פון זיין ווייב'ס מענה־לשון דעם גאַנצען וועג אין טריין. ענדליך קומען זיי אָן נאָך מיטאג צו הויז, זעהען קיין שליסעל שטעקען אין טיהר, און אויך דער דזשעניטאָר האָט קיין שליסעל בעמערקט).

אסתר : וואָס שטעהסטו ווי אַ גולם ? געה געפין אַ שלאָסער. גנבים האָבען געווים אַלעם ארויסגענומען, האָבען צוריק פערשלאָסען און האָבען מיטגענומען דעם שליסעל, אום זיך בעסער צו בעוואָרענען. אַדיע מיינע גאָלד און זילבער, מיין ביסעל ציערונג, סאָמש אַן איינענס !

דזשייקאָב : מיינסט איך וועל היינט אַזוי גיך געפינען אַ שלאָסער ? ס'איז דאָך וואשינגטאָן'ס געבורטסטאָג, אַ יום־טוב אין הארלעם !

אסתר : קאָלאָמבוס מיט זיינע ימים טובים קריכען מיר שוין אויך פון גאָרגעל. אַ ביסעל אַ מדינה ! די קייקס פון האַר־לעם קענען גאָר ניט זיך אויסקראַצען אָהן די ימים טובים פון דזשאָרדזש לינקאָלן און אייבראם וואשינגטאָן !

דזשייקאָב (לאַכט) : פאַר צרות מוז איך גאָר לאַכען.

אסתר : מיר פּלאַצט די הארץ און ער לאַכט. קום שוין !

(עס דויערט צוויי שטונדען ביז דזשייקאָב קומט ענדליך מיט אַ שלאָסער. וועהרענד דער שלאָסער פּעקעלט זיך אוים מיט זיינע שליסלען און געצייג גיט אסתר זיך אַ כאַפּ).

אסתר : ער מאַכט מיר היינט משוגע מיט זיין לייקוואָוד. איך האָב זיך שוין דערמאָהנט וואו דער שליסעל איז...

דזשייקאָב : — ? ? ?

אסתר : איך האָב עס אַריינגעלעגט אין מיין האַנדשוה, איך זאָל עס ניט פערלירען. ווייסט דאָך אַז איך האָב מיינע האַנדשוה ניט געטראָגען, ווייל דו ביסט מיר געשטאַנען אויפ'ן האַלז.

דזשייקאָב : און וואו זיינען דיינע האנדשוה ?

אסתר : אין גרוים איילענעס, האָב איך עס איבערגעלאָזען אויפ'ן טיש פון רעסטאָראנט אין לייקוואוד.

דזשייקאָב : איצטער ווער איך שוין משוגע. וואָס טהוט זיך דאָ היינט ?

אסתר : וואָס שטעהסטו ? לויף שוין גיכער צוריק נאָך דיין לייקוואוד. עס איז 5 אוהר נאָך מיטאג, דו קענסט נאָך זיין צוריק צו סאפער. דיין שלאָסער זאָגט אז ער קען ניט עפע־נען דעם פעטענט פון אינוויינינג. נו, וואָס שטעהסטו ?

(הונגעריג און פערשמאכט לויפט דזשייקאָב צוריק צום דיפאָ, און וועהרענד ער איז ניטאָ געהט אסתר איבערכאפען א שטיקעל קייק מיט קאפע אין אַ רעסטאָראנט. ווען זי האָט בעדאַרפט בעצאָהלען, און אַרויסגענומען דעם פאקעט־בוך פון סעטשעל, איז אַרויסגעפאלען דער שליסעל איינגעוויקעלט אין די האנד־שוה ! עס איז שוין געווען 10 אוהר אין דער נאכט ווען דזשייקאָב איז צוריק געקומען קוים אַ לעבעדיגער פון לייק־וואוד. ער געפינט זיין ווייב זיצען ביים טיש אין הויז. זי עמפ־פאנגט איהם מיט אַ מין פריינדשאפט און רחמנות וואָס ער האָט נאָך פון איהר קיין מאָל ניט געזעהן).

אסתר : קום עסען, דזשייקאָב, מוזט זיין הונגעריג. פער־געס אָן לייקוואוד און אָן אַלע צרות.

דזשייקאָב : אָבער וואו האָסטו געפונען דעם שליסעל ?

אסתר : אין מיין האנד־שוה, ווי איך האָב דיר געזאָגט. ווען איך זאָג עפּעס, ווייס איך אימער וואָס איך זאָג. געדענקסט איך האָב דיר פערזיכערט אז איך האָב עס אוועקגעלעגט אין מיינע האנד־שוה ?

דזשייקאָב : אָבער — — —

אסתר : ניטאָ קיין אָבער, און שולדיג איז דיין וואשינג־

טאָן'ס געבורטס־טאָג. עס פערגעהט איינפאַך די גאַל פון קאָלאָמ־בוס מיט זיינע ימים טובים, פון דיינע קאַיקס פון הארלעם מיט זייערע שמחות. היינט קוק נאָר אָן דיינע שלעסער פון האר־לעם. טאָמער פערהאַקט זיך דער פּעטענט, איז כאָטש שלאָף אין גאַס. גענוג געוואָהנט אין הארלעם, מיר מופען פון דאַנען. אין די בראָנקס וויים מען ניט פון קיינע וואשינגטאָן'ס מזל־טוב'ס — און דאָרט זיינען אויך דאָ בעסערע שלאָסערם. שוין זאַט מיט הארלעם און מיט לייקוואוד.

(פ א ר ה א נ ג)

# פטור געוואָרען פון גאַסט

פּעני: איך וואָלט וועלען וויסען, בעני, ווען דיין גאַסט וועט נעהמען דעם פּעקיל און אונז זאָגען אַדיע.

בעני: ווייס איך? פרעג מיר א גרינגערע זאַך. אַלס לאַנדסמאַן און געוועזענער חבר, האָב איך איהם איינגעלאַדען אויף א טאָג ביי אונז אין האָץ־מיך ביטש.

פּעני: אויף א טאָג? ער איז שוין דאָ באַלד צוויי וואָכען און ער האָט נאָך אפילו אין זינען ניט אַוועקצופאָהרען. א חוצפּה דאָס איז!

בעני: ער האָט וואָהרשיינליך א גוטע מיינונג פון אונזערע קעסט, פון אונזער וואָהנונג און די בעהאַנדלונג.

פּעני: איך האָב אָבער קיין גוטע מיינונג פון איהם. אויף אַלעם געפינט ער חסרונות. אויף אונזער קאָפּע זאָגט ער ס'איז געבערענטע באָב, אונזער טהעע איז ביי איהם בעזים־בלעטלאַך און זאַגאַר מיינע אייגענע געפרעגעלטע פלוימען שעהמט ער זיך ניט צו קריטיזירען. היינט האָט ער נאָך א טבע צו ריידען ביים טיש פון וואונדער־שעהנע דאַמען. איך וויל ניט וויסען פון אַזא גאַסט, און לאָז ער געהן פון דאַנען. פרעסט פאַר 4 מענשען, טרינקט ווי א חברה־קדישא־שמש, און עס געשוועלט איהם נאָך ניט! זאָל ער נאָר געהן.

בעני : פון מיינעטוועגען זאָל ער זיך טראָגען פון דאַנען וואָס גיכער, און ניט איך וועל בענקען נאָך איהם. אדרבא, צייג מיר עפּעס אַן איידעלען וועג ווי מיר קענען איהם משלח זיין.

פּעני : דער איידעלסטער און דייטליכסטער וועג פון איהם לויז צו ווערען איז גאַנץ איינפאַך. ער איז יעצט געגאַנגען זיך באָדען, און ווען ער וועט צוריק קומען, געה צו לאַנגזאַם צו איהם און זאָג איהם : „מיסטער ! געהט אייך פון דאַנען, וויפיעל איז דער שיעור צו זיין אַ גאַסט ?” ער וועט שוין דאָס איבעריגע אליין פערשטעהן.

בעני : ניין, פּעני, איך קען עס ניט. דאָס איז אַ ביסעל צו גראָב, און מיר מוזען געפינען עפּעס אַן אַנדער מיטעל, אַ פיעל בעסערען און שעהנערען. דו אליין האָסט מיר אריינגע־שלעפּט אין בלאָטע. ביסט געלאָפען צו זיין שוועסטער צוויי מאָל צו גאַסט ; דו האָסט געשיקט אויף אַ פּאָר טעג אונזערע קינדער צו זיין מוטער. נו, נאַטירליך, אַז מען פריינטעלט זיך, מוז מען זיך ריכטען אויף אָבצאָהלונג. עס איז שלח־מנות, אָבגע־געבענע זאַכען.

פּעני : אַ שפּאַס וואָס פאַר אַ עולם־הזה זיין שוועסטער האָט זיי געגעבען, קעבעדזש מיט דזשיבלאַטס, און זי האָט צום מאָל ניט געהאַט ביים טיש אַביסעל אייז־קרים, די חזיר ! הלואי וואָלט איך אונזערע קינדער גאָר ניט געשיקט צו זיין מאַמע. קענסט איהר, די דאַמע ? אַ פערמאַכטע האנד, סכנות ! די קינדער זיינען געקומען פער'חלש'ט ווי פון הונגער לאַנד. הייס איהם געהן, ווען ניט לאָז איך דיר דאָ איבער מיט איהם.

בעני : איך קען איהם אָבער ניט אַוועקשיקען אַזוי גראָב, איך וועל זעהן צו געפינען עפּעס אַן איידעלען וועג ווי צו געבען דעם אורח דעם וועג.

**פעני :** צוםביישפיעל לאמיך הערען פון דיין שעהנעם מיטעל.

**בעני :** ווען ער וועט קומען היינט אבענד צו סאפער, און דו וועסט דערלאנגען אויפ'ן טיש די זופ, וועל איך מיין טעלער זופ אוועקשטופען ברוגז'לאך מיט דיזע ווערטער : וואס מיינ־סטו עפעס, פעני, איך וועל עסען אזא זופ פון לויטער פעפער ? עס ברענט מיר אב צונג און גארגיל". באלד ווי איך וועל זיך האבען אויסגעקרעהט דיזע ווערטער, וועסטו אנפאנגען צו מיר אזוי : „בינסט משוגע צו שכור ! די זופ איז אזוי זיס אז אפילו א קינדבעטארין קען עס עסען. עס איז ניטא זאגאר א שפור פון איבעריגע פעפער". אט אויף אזא ארט וועלען מיר ביידע זיך צוקריגען און מיר וועלען זיך מכבד זיין מיט ווערט־לאך. דו וועסט זיך באלד ווענדען צו אונזער גאסט ער זאל דיר זאגען זיין עהרליכע מיינונג אויב די זופ איז טאקי צו פיעל גע־פעפערט. נו, אויב ער וועט זאגען ווי דו, אז עס איז ניט צופיעל פעפער, וועל איך ווערען אין כעס און איהם הייסען געהן צו אלע שווארץ יאהר — און ווען ער וועט האלטען מיט מיר, דער שקרן, וועסטו שוין וויסען ווי איהם צו געבען א שווארצען סוף און איהם שיקען זיין א גאסט ביי אנדערע לאנדסלייט.

**פעני :** זעהסטו בעני, דיין פלאן געפעהלט מיר אמת גוט, און אנגענומען.

(זיעבען אוהר אבענדס צו סאפער).

**בעני :** אי וועה ! וואס טהוט זיך דא מיט דיין זופ, פעני, עס איז דאך לויטער פעפער און ברענט אב די צונג.

**פעני :** ניין, בעני, דיזע זופ האט ניט צופיעל פעפער. דאס קען עסען אפילו א פרינצעסין אין קימפעט.

(מאן און ווייב צוקריגען זיך און דער אורח אכל'ט רוהיג).

**פעני :** איך וועל זיך גאר פערלאזען אויף אייך. אלס

פריינד פון אונזער פאמיליע און יוגענד קאמעראד פון מיין בעני, זאגט מיר אהן חניפה, אויב דיזע זופּ וואס איהר עסט יעצט איז ווירקליך צופיעל געפּעפּערט ווי מיין מאן זאגט, אדער ניט, ווי איך מיין.

דער גאסט : איך וועל אייך זאגען דעם אמת, מאדאם, פיר די קורצע צייט וואס איך האב דא נאך ביי אייך צו פערבלייבען, צוויי אדער דריי וואכען... איז מיר איבערהויפּט גאנץ גלייך און איהר קענט אייך דארום ביידע גאנץ קנאפּ וואס פערלאזען אויף מיין מיינונג.

בעני : ! ! !

פעני : ? ? ?

דער גאסט : ! ! !

# סודות פון אַ שליסעלע

בעני : וואָס זוכסטו אַזוי לאַנג ?

פעני : די שליסלען — אָט איז עס אונטער מיינע אויגען און אַבי איך זוך.

בעני : אָה, דיזע שליסלען ! אין דיזען בונד שליסלען וואָס דו האַלסט אין האַנד איז דאָ איין שליסעלע, אַ קליינינקע, וואָס מאַכט מיר אימער אַ ביסעל נייגיעריג, איך מיין יענע קליינע שליסעלע די גנב...

פעני : פאַרוואָס ? אַ שליסעלע אַ גנב, איך פערשטעה דיר ניט.

בעני : ווייל דיזע געהיימניספאַלע שליסעלע עפענט אין דיין ביוראָ אַ געוויסען שאַכטעל וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט געוואַגט עפענען ווען איך שטעה דערביי.

פעני : מיינסט געוויס אַז איך האַלט דאָרט באַנק־ביכעלאַך וואָס דו ווייסט ניט, האַ ?

בעני : ניין, איך מיין אַנדערש. איך דענק אַז דאָרט ליגען געוויס פערשיעדענע ליעבע־בריעוועלאַך פון חתנים וואָס האָבען זיך אין דיר געליעבט איידער מיר האָבען זיך בעקענט אָדער אַנדערע פאַפּיערענע סודות אונגעפעהר.

**פעני:** סודות? מיר זיינען שוין גענוג לאנג פערהייראטה אז איך זאל האלטען פון דיר סודות. נור, וואס איז דיר איינגעפאלען גראדע היינט צו זוכען סודות אין א שליסעלע? אפשר דערפאר ווייל דו פאהרסט אוועק אויף צוויי וואכען אין שיקאגא?

**בעני:** וואס טויג מיר יעצט שיקאגא? איך רייד פון יענעם שליסעלע די גנב. נו, גיב אקארשט א עפען, פעני.

**פעני:** הער נור הער וואס א מאן קען זיך פערוועלען פור פלאט! האסט דאכט זיך גענוג בעוויזע ווי שטארק איך האב דיך ליעב, און עס איז חלעבען ניט שעהן פון דיר זיך צו מאכען נאריש. ביזט א גרויסע בייבי, בעני.

**בעני:** נו, גיב שוין א עפען. לאמיך זעהן אויב דיינע ערשטע חתנים האבען דיר ליעב געהאט אזוי גוט ווי איך. נו נו, עפען שוין.

**פעני:** אך ווי נאריש און איינגעבילדעט איהר מענער זיינט! פארוואס זאל איך יעצט געהן אויפמישען די פערגאנגענהייט? עס איז אסור ניטא וואס צו הערען און צו זעהן פון דיזע בריעוועלאך. איך קען דיר זיי מיטגעבען אפילו אין שיקאגא.

**בעני:** איך דארף ניט דיזע בריעוועלאך פיר שיקאגא, נור איך וויל זיי לעזען אט א־דא, נעבען דיר.

**פעני:** לאז געמאך! זיי זיינען אסור אינטערעסאנט.

**בעני:** דערצעהל מיר קיין מעשות. ווען זיי וואלטען ניט געווען אינטערעסאנט, וואלסטו זיי אזוי לאנג ניט געהאלטען.

**פעני:** קענסט נאך מיינען מי יודע וואס! אט עפען איך און קוויק זיך וויפיעל דיין הארץ גלוסט. אי, זייט איהר א פאלק, איהר מאנסבילען...

„טהייערסטע זיסע פעני ! איך בין היינט ניט
דער זעלבער מענש ווי געסטערען, זייט דו האָסט צו
מיר געגעבען דיין הייליגען שמייכעל ! דו ביסט
א לעבעדיגער מלאך אָהן פליגלען:."

פעני : אי, לאָז איהם צורוה, ער איז א בעוואוסטער נאַרר, און עס איז ניטאָ וואָס צו הערען. איבריגענס, קוק ווייטער ועסטו זעהן גרייזען. זעה ווי ער שרייבט „האדראַס פאָנים" און ער ווייס צום מאָל ניט אַז דאָס איז לשון קודש „הדרת פנים". ער איז א נאַרר.

בעני : וואָס קימערט זיך די ליעבע וועגען גראַמאַטיק אָדער וועגען ריכטיג אויכלעגען ! איך זעה אין יעדען וואָרט אמת'ע ליעבע וואָס איז פיעל וויכטיגער ווי פאַלשע דקדוק.

פעני : אָבער אַלע פלוידעריי הייסט ביי איך באַלד ליעבע.

בעני : אָט לאָמיר דורכלעזען יענעם בריעוועלע מיט אזא שעהנע האַנדשריפט ווי געדרוקט.

פעני : ניט דיזען בריוועלע, עס איז פון א משוגע'נעם.

בעני : איך וויל טאַקי זעהן ווי א משוגע'נער ערקלעהרט זיך אין ליעבע אַנדערס ווי א קלאָהרער.

„וואָס קען איך דען מעהר טהאָן פאַר דיר, גע־
ליעבטע פעני ? איך פערלאָז צוליעב ד'יר מיין ווייב,
מיינע קינדער און אויך מיין פאָזיציאָן ! נו, וואָס
קען איך מעהר טהאָן ?"

פעני : נו, וואָס האָב איך דיר פריהער געזאָגט, הא ? א משוגע'נער !

בעני : אפשר א נאַרישער פערברעכער, אָבער קיין משו־

גע'נער. ווארט, לאָמיר זעהן יענעם ראַזען צעטעלע, עפּעס אַזוי קורץ געשריעבען:

„איך קען ניט קיינע הויכע ווערטער ווי אַנדערע,
און איך שרייב ניט פון קיינע בריעפענשטעלערס, נור
איך זאָג דיר פּראָסט, פּעני, אַז דו האָסט מיר געמאַכט
אַ לאָך אין מיין הארץ באַלד ווי איך האָב דיך דער־
זעהן. אָי, טהוט מיר וועה!"

**פּעני:** לאָז דאָך שוין אָב צו לעזען דיזע קינדערשע פּלוי־דעריי, פּונקט ווי אַלע „יעוואָנים" האָבען איין פּנים, דאָס זעלבע האָבען אַלע פערליעבטע דעם זעלבען נאַרישען נוסח, אפשר ניט אמת? האָסט געגוג געזעהן פון דיזע פּלוידעריי, גענוג.

**בעני:** טאַקי פּלוידעריי, אָבער דיזע פּלוידעריי האָט דאָך געקאָסט די שרייבער אַזוי פיעל געזונד, אַזוי פיעל שטילע טרעהרען, אַזוי פיעל...

**פּעני:** וואָס טויג מיר דיין פילאָזאָפיע? וויפיעל העמ־דער זאָל איך דיר מיטגעבען אויף די צוויי וואָכען אין שיקאַגאָ? ועסט מיר געוויס שרייבען אַלע טאָג אַ בריוועלע מיט אַ סך ליעבע, ווי דו קענסט, האַ?

**בעני:** וואָס ועסטו טהאָן מיט מיינע ליעבע־בריעוועי־לאַך? פערגרעסערען דיין סטאַק געשריעבענע פּלוידעריי אין שאַכטעל? ווייסט דאָך שוין אַז אַלע פערליעבטע האָבען דעם זעלבען נוסח, „אַלע יעוואָנים האָבען איין פּנים" און...

**פּעני:** דו ביסט ניט ביי מיר ווי די אַנדערע.

**בעני:** ביי אייך ווייבער ווערט מען אָפטמאָל זעהר גיך אַן „אַנדערער"...

**פּעני:** אָט רעדסטו שוין גאָר פון וועג, בעני. אָבער אַזוי ווי די הארץ האָט מיר געזאָגט אַז איך דאַרף דיר ניט געבען

דאָס שליסעלע. נאַ, אַט פערברען איך פאַר דיינע אויגען דעם גאַנצען פּאַק נאַרישקייט, און טענה ניט.

**בעני :** יעצט זעה איך, פעני, אז דו ביזט טאַקי א גאָלד, און דו מעגסט זיכער זיין אז די נעכסטע צוויי וואָכען וועסטו צוריק אָנפילען דיין ליידיגען שאַכטעל מיט א פּאַק ליעבע בריעוועלאַך, געשריעבען מיט מעהר הארץ, בריעוועלאַך וואָס איך וועל דיר שיקען פון שיקאַגאָ.

**פעני :** אָי, בעני !

**בעני :** אָי, פעני !

# אַ שפּיטצעל דעם גראָבען פּעטער

דער צוג וואָס געהט אָב האַלבע נאַכט פון נויאָרק נאָך באָסטאָן איז נאָר וואָס אַרויס פון טונעל ביי דער 97טע סטריט, און אין איין וואַגאָן האָבען זיך געפונען בלויז די פאָלגענדע פּאַסאַזשירען: אַ דיקער אַיירישמאַן פון די עלטערע יאָהרען וועלכער איז געזעסען בעקוועם אין אַ ווינקעלע מיט אַ טשאַמאָדאַן; אַ יונגער מאַן זעהר עלעגאַנט געקליידעט מיט העכסט אַריסטאָקראַטישע מאַניערען; אַ גראָבער דייטש מיט זיין ווייב און אַ אינגעלע פון אַ יאָהר עלף; אַ פרוי וואָס האָט אויסגעזעהן צו זיין אַן אַלטע בתולה, איז געזעסען מיט אַ גרויסען באַסקעט אויפ׳ן שויס; אַ אידישער יונגער מאַן, אַ דראָמער, מיט אַ גרויסע בלום אין לאַטץ, און אַן אַלט־מאָדישער איד וועלכער האָט געקוקט אין אַ אידישע צייטונג, בעהאַלטען הינטער אַן ענגלישע בלאַט.

ווי נור דער צוג איז אַרויס פון טונעל, האָט דער דיקער אַיירישמאַן זיך אַריינגעגראָבען אין זיין ווינקעל, איז באַלד איינגעשלאָפען און געכראָפּעט מיט אַ ליאַרם וואָס איז גאָר ניט געוועזן מוזיקאַליש. די אַלטע בתולה האָט באַלד אַרויסגענומען פון איהר באַסקעט אַ העסליכען הינטעל מיט לאַנגע האָאָר, וואָס האָט אָנגעפאַנגען בילען פון גרויס שמחה.

די פּאַסאַזשירען האָבען געמאַכט אַ זויערע מינע און דער

קאָנדוקטאָר האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויף די חוצפה אַריינ־צונעהמען אַ הונד אין אַ צוג פאַר מענשען. דער קאָנדוקטאָר האָט איהר געוואָרענט אויב זי וועט ניט נעהמען איהר הינטעל אויפ׳ן שויס, וועט זי איהם מוזען אָבגעבען אין וואַגאָן פון די באַגאַזש.

— ווירקליך אַ שעהנער הינטעל, מאַדאַם — האָט זיך אָב־גערופען דער שעהנער יונגער מאַן עלעגאַנט געקליידעט — און איך זעה ניט איין ווי מען האָט אַ האַרץ אַרויסצוזאָגען צו שי־קען אַזאַ שעהנע בעשעפענים צווישען די באַגאַזש.

— ווי איך זעה — האָט די אַלטע בתולה בעמערקט — זייט איהר ניט קיין געגנער פון אַ שעהנעם הינטעל, און דאָס פרעהט מיך. מאַנכע מענשען האָבען גאָר קיין האַרץ, און זיי פערגעסען אַז דער הונד איז דער בעסטער פריינד פון מענשען.

— איך וואָלט מיט אַזאַ הינטעלע געגעסען פון איין טע־לער — האָט דער שעהנער יונגער מאַן ווייטער געזאָגט.

— יאַ, אָבער ניט אַלע זיינען אַזעלכע נאָבעלע דזשענטעל־לייט ווי איהר — האָט זי ערווידערט מיט דאַנקבאַרקייט — מען קען זעהן אויף אייער געזיכט אייער גאָלדענעם כאַראַקטער.

דער דייטש מיט זיין ווייב האָבען זיך איינגעהערט דיזען געשפּרעך גאַנץ גלייכגילטיג, אָבער זייער אינגעלע האָט דערווייל אַרומגעדרעהט זיינע פיס באַלד אַהין, באַלד אַהער, ביז ער האָט אָנגעריהרט די קליידער פון שעהנעם יונגען מאַן.

— זייַ רוהיג, פריטץ! — האָט די מוטער געשריען צו איהר זוהן — דו וועסט נאָך בעשמוצען דיזען מיסטער.

— אָך, לאָזט איהם, מאַדאַם — האָט דער שעהנער יונגער מאַן ווידער אָנגעפאַנגען — עס איז נישטאָ פאַר מיר קיין בע־סערער פערגעניגען ווי זיך צו אונטערהאַלטען מיט קליינע קינדער, איבערהויפּט ווען זיי זיינען אַזוי שעהן ווי אייער זוהן.

ער זעהט אוים צו זיין זעהר קלוג. ער האָט אייער חן, און דעם פּאַטער'ס קלוגע אויגען.

— איך דאַנק אייך פאַר'ן קאָמפּלימענט—האָט די דייטשקע געמורמעלט מיט שטאָלץ — ער איז ווירקליך אַ זעלטענער חכם פיר זיינע יאָהרען. ער איז עלף יאָהר אַלט.

— דיזער דזשענטעלמאַן זעהט אוים צו זיין אַ דימענט — האָט זי געזאָגט שטיל צו איהר מאַן — אַ מענש אָהן אַ גאַל. גאָרניט ווי דו.

דער אידישער דראָמער מיט'ן בלום אין לאַטץ האָט דערוויל זיך צוגעקיקט צום אַלטמאָדישען אידען וועלכער איז געווען פערטיעפט אין די אידישע בלאַט.

— וואָס פאַר אַ שפּראַך איז דאָס וואָס איהר לעזט ? — האָט דער דראָמער געפרעגט כלומרשט ווי ער וויים ניט, און וואהרשיינליך צו ווייזען אין צוג אַז ער איז חלילה ניט קיין איד.

— דאָס איז „היברו", די היברו וואָס די אידען ריידען.

— עפּעס אזא משוגע'נע שריפט אייער „היברו" — האָט דער דראָמער געמאַכט אַ בעמערקונג מיט אַ געמאַכטען שמייבעלע.

— אָה, ענטשולדיגט מיר — האָט ווידער דער שעהנער יונגער מאַן אָנגעפאַנגען מיט זיינע קאָמפּלימענטען — די אידישע שפּראַך איז די שעהנסטע און עלטעסטע אין דער וועלט. עס איז אַ הייליגע שפּראַך, מיט וועלכע אַלע אידען דאַרפען שטאָלצירען.

— טאַקי אַ שעהנער יונגער מאַן — האָט דער פערצייטיגער איד געטראַכט — און ער האָט איהם געדאַנקט אין געבראָכענע ענגליש.

ביי דיזען פונקט פון געשפּרעך האָט די כראָפּעריי פון דיקען איירישמאַן זיך אַזוי פערגרעסערט, אַז מען האָט קוים געקענט

הערען וואָס מען רעדט.

— ער האָט עס אַביסעל אַ שלאָף, דיזער מיסטער — האָט דער דראָמער געזאָגט.

— ער איז מיין אָנקעל — האָט דער שעהנער יונגער מאַן בעמערקט — און ער שלאָפט אימער אין צוג. נור היינט בראַ־פּעט ער עפּעס אַזוי שטאַרק, מיין אָנקעל, אַז איך וואָלט וועלען איהם אָבטהאָן אַ שפּיצעל, אָבער אַ שפּיצעל פון וועלכען ער זאָל לאַכען מעהר פאַר אונז.

— אָבער אַ גוטען שפּיטצעל עס זאָל אונז אַלעמען אַמו־זירען — האָט דער דייטש צוגעשטימט.

—איך האָב שוין ! — האָט דער שעהנער יונגער מאַן זיך געגעבען אַ כאַפּ—איך וועל לאַנגזאַם צונעהמען פון זיין האַנד זיין סעטשעל, און איך וועל דערמיט אַריבערמופען אין נעב־סטען וואַגאָן. ווען ער וועט זיך אויפכאַפּען פון שלאָף, וועט איהר אַלע הנאה האָבען פון זיין איבערראַשונג. איהר וועט איהם צוערשט לאָזען זוכען אַ ווײַלע, און ווען איהר וועט זעהן אַז ער ווערט אין כעס, וועט איהר אויסזאָגען אַז איך האָב עס אָבגעטהאָן אַ שפּיצעל דעם אָנקעל, און ער וועט אַזוי לאַ־כען, אָי, וועט ער לאַכען !

— בראַוואָ ! — האָט דער דראָמער אויסעשאָסען שטיל —אַ פּרעכטיגער שפּיטצעל. נו נו, מיר וועלען האָבען גענוג שפּאַס.

— יאַ, אָבער פאַרוואָס זאָל מען דעם מאַן איבערשרעקען ?

— האָט די דייטשקע האַלב פּראָטעסטירט.

— געה, דו שאַף'ס קאָפּ — האָט איהר מאַן זיך צולאַכט

— ווי באַלד אַז דאָס איז נור אַ שפּיטצעל, טאָ וואָס האָסטו מורא ?

— ער זאָל זיך ניט אויפכאַפּען אין רעכטען מיטען שפּיט־

צעל — האָט דער אַלטמאָדישער איד אויף אַריינגעוואָרפען אַ בעמערקונג אום אויף עפּעס צו זאָגען.

— אַי וועט ער לאַכען! — האָט די אַלטע בתולה שוין געוואָלט אַליין זיך צולאַכען.

— ביטע, איהר זאָלט קיינער ניט לאַכען. ווייל זאָנסט פערדאַרבט איהר מיין גאַנצע אַרבייט — האָט דער שעהנער יונגער מאַן זיך געבעטען ביי זיי אַלעמען. ער האָט שטיל אַרויסגענומען פון זיין בוזים־פּאַקעט אַ קליינע שערעלע, האָט גאַנץ דעליקאַט איבערגעשאָרען די שנירלאַך פון סעטשעל, האָט גענומען דעם סעטשעל אין האַנד, און דער שלאָפער האָט קיין זאַך ניט געהערט. דער צוג האָט דערווייל זיך אָבגעשטעלט אויף דריי מינוטען צייט.

— איך געה מיט׳ן סעטשעל אין נעכסטען וואַגאָן — האָט צו זיי געזאָגט דער שעהנער יונגער מאַן וועלכער האָט זיך אַרויס גערוקט גאַנץ שטיל.

— אַי וועלען מיר באַלד לאַכען — האָט די אַלטע מויד געזאָגט און געוואַרט מיט אונגעדולד אויף דעם שפּעקטאַקעל.

ווען דער צוג האָט אָנגעפאַנגען ווייטער זיין רייזע, האָבען די אַלע פּאַסאַזשירען געקוקט אויף דעם דיקען שלאָפער, און זיי האָבען געלאַכט אין זיך.

— פּאַפּאַ, איך וועק איהם אויף, איך וויל זעהן וואָס ער וועט זאָגען, דער פעטער — האָט דער קליינער פריטץ זיך געבעטען.

אָבער דער פאָטער און מוטער האָבעןביידע איהם געגעבען אַ וואונק ער זאָל שווייגען מיט איינינע מינוטען שפּעטער האָט דער שלאָפער ענדליך זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעטשוכעט וועהרענד די דערמאָהנטע פּאַסאַזשירען האָבען זיך געביסען די ליפּען, זיי זאָלען ניט לאַכען. באַלד ווי ער האָט

דערזעהן אז ער האָט ניט זיין סעטשעל, האָט ער אָנגעפאַנגען זוכען אונטער'ן באַנק און ארום איהם. ער האָט אָנגעקוקט אַלע־מען אין די אויגען און אויסגעשריען :

— מיין סעטשעל ! וואו איז מיין סעטשעל ?!

די פּאַסאַזשירען האָבען אַלע זיך אָנגעקוקט און האָבען זיך די גרעסטע מיה געגעבען ניט צו לאַכען.

— צו אַלע שוואַרץ־יאָהר, ווער האָט גענומען מיין סעט־שעל ? — האָט דער גראָבער איירישמאַן געדונערט — מיין סעט־שעל זאָל מיר זיין ! ! !

אַלע שווייגען, נור די אַלטע מויד וועלכע האָט ניט געקענט זיך איינהאַלטען, האָט אויסגעשאָסען מיט א געלעכטער, און אויף איהר קוקענדיג האָבען זיך אַלע צולאַכט.

— עס איז חלעבען א פויערשע חכמה (א דזשאָוק אָוו א פאַרמער) — האָט דער אַלטמאָדישער איד אונטערגעברומט — איך קען דאָס ניט זעהן ווי מען שרעקט איבער א מענשען אומ־זיסט.

— וואָס פערשטעהט איהר אויף אַן אמעריקאַנער שפּאָס ?

— האָט דער אידישער דראָמער צו איהם געזאָגט מיט א בייזער זיך נאָכקרימענדיג ווי א איד רעדט שלעכט ענליש — עס איז א טהייערער שפּיטצעל, און עס איז ניט אונזער שולד וואָס איהר האָט דאָס ניט געזעהן ביי אייך אין קישינעוו..."

— וואָס מיר שפּיטצעל, וואָס מיר שפּאָס ! — האָט דער איירישמאַן געגעבען א געשריי — זאָגט מיר שוין ווער האָט גע־נומען מיין סעטשעל ! איך שפּאַלט אייך די קעפּ.

— ערגערט אייך ניט — האָט די אַלטע בתולה געזאָגט לאַכענדיג — עס איז טאַקי ניט מעהר ווי א שפּיטצעל, א וויץ : אייער סעטשעל איז ניט ווייט פון אייך, אייער פּלימעניק האָט עס גענומען אין נעכסטען וואַגאָן.

— מיין פּלימעניק ? איך פערשטעה ניט.

— דער יונגער מאַן שעהן געקליידעט וועלכער איז געזעסען געגען אייך — האָט ערקלעהרהט די דייטשקע.

— יא, דער איידעלער, נאָבעלער יונגער מאַן — האָט צוגעלעגט די אַלטע בתולה — אייער פּלימעניק.

— אַלע חלומות צו אייערע קעפּ ! איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין פּלימעניק אין מיין לעבען, איך בין קיינעם'ס פעטער.

— ער איז אין נעכסטען וואגאָן — האָט געזאָגט דער דראָמער.

— זייט איהר אַלע משוגע ? איך האָב געהאַט צוועלף הונדערט דאלאר אין מיין סעטשעל, און נאָך ווילט איהר ניט פערשטעהן אז דער שעהנער יונגער מאַן איז געווען א פּראָסטער גנב ? אידיאָטען וואָס איהר זיינט !

זיי זיינען אַלע געבליבען זיצען ווי פערשטיינערט, און ערשט יעצט האָבען זיי אָנגעפאַנגען פערשטעהן וואָרום דער חברה מאַן האָט באַלד פון אָנפאַנג געזוכט זיך צו מאַכען סימפּאַטיש ביי אַלעמען : ביי די אַלטע מויד, ביי די דייטשקע, ביי דעם אידען — ביי אַלעמען, אום זיי זאָלען ניט האָבען א חשד אויף דעם „שפּיטצעל" וואָס ער געהט שפּיעלען דעם „פעטער".

— אַמעריקא גנב ! — האָט דער אַלטמאָדישער איד געזאָגט צו זיך אַליין, און ער האָט זיך געכאַפּט זוכען אין זיינע אייגענע טאַשען.

# דער אַפּיקורוס און דער אינדיק
(אָריגינעלע אַראַבישע ערצעהלונג).

---

אחמד דער פליישׁ־בראָטער האָט בעגריסט מיט גרויס רעספעקט דעם פרומען הוסיין.

— די ברכות פון אַללאה אויף דיין קאָפּ, הוסיין — האָט אחמד געמורמעלט.

— אַללאה זאָל דיר זעטיגען מיט גוטעס — האָט הוסיין געענטפערט.

אחמד האָט זיך מפרנס געווען פון בראָטען שטיקלאַך פלייש אויף הילצערנע שפּיזען, וואָס ער פלעגט פערקויפען אויפ'ן מארק. אָרימע לייט פלעגען קויפען ביי איהם אַ שטיקעלע פלייש מיט ברויט, אָבער פיר די געשעפטס־לייט האָט אחמד געהאַט אויך געבראָטענע עוף. יענעם טאָג האָט ער געהאַט ארום זיך גרויסע סוחרים, ווייל ער האָט אַן אינדיק צו בראָטען, און עוף וואָס איז אַ גרויסע זעלטענהייט אין מוסטהאַגהאַנעם. אויך האָט אחמד פערקויפט אַלע צעהן צושניטענע פּאַרציעס פון זיין אינדיק, און ער האָט נור איבערגעלאָזען דעם בעסטען חלק אינדיק וואָס ער האָט איינגעוויקעלט אין אַ קלאָהר־ווייסע שטיקעל ליינוואַנד, און ער האָט עס געטראָגען צו דער שעהנער זענייבא, די ווייב פון צדיק נאַצר־עדדין, אין דער צייט ווען די ווייב איז אַליין געווען אין הויז.

— איך האָב דיר געבראַכט, זיסע זענייבא, אַ טהייערען ביסען, דאָס איז דער בעסטער חלק פון מיין „פעררא֞ח אל־הינד" (אינדיק) וואָס גיבט קראַפט, שעהנקייט און שטאָלץ.

— אַללאַה זאָל דיר געבען דייזע דריי זאַכען פון זיין האַנד.

— אַך דו מיין אויג אין קאָפּ! — האָט זענייבא געענט־פערט דעם פערליעבטען אחמד — דו קענסט אָבער ניט לאַנג פערבלייבען ביי מיר אין הויז ווייל מיין מאַן קען אַלע ווײלע אַריינקומען, און וועה צו אונז ווען ער געפינט דיר דאָ. ער איז דאָך אַ שלעכטער מענש.

— וואָס רעדסטו, זיסע זענייבא, ער איז אַזוי פרום. ער האָט היינט געקויפט ביי מיר צוויי חלקים אינדיק, און ער האָט נור גערעדט פון אַללאַה.

— ניין, ליעבער אַחמד, ער איז אַ רשע, ער לאַכט פון אַלעס, און ער איז בלויז פערשטעלט אַלס פרום. ער גלויבט ניט אין מוחאַמעד, ניט אין עמאַר־אל־חאַק, און גאָר ניט.

— אויב אַזוי, מיין טייבעלע, איז דאָך דיין זינד פיעל קלענער, און דו דאַרפסט זיך ניט שרעקען וואָס דו ביסט איהם ניט געטריי...

נאַצר־עדדין איז ווירקליך געווען אַ בעהאַלטענער אפיקורוס. ער האָט נור געגלויבט אין עולם הזה, גוט עסען, גוט טרינקען, הערען ווי די פויגילאַך זינגען ביי איהם אין גאָרטען, און הייסען זיין ווייב טאַנצען צווישען די בוימער ווען ער זיצט און רויכערט זיין נאַרגילעה. ווען נאַצר־עדדין איז געקומען אַהיים אַ ווײלע שפּעטער נאָכדעם ווי אחמד איז אַוועק, האָט ער געבראַכט צוויי שעהנע חלקים אינדיק, און בעגריסט זיין ווייב מיט דיזע ווערטער:

— ווי שעהן דער טאָג איז היינט. דאָס ליכט איז ריין, די בוימער שמעקען, און דו זענייבא, ביסט מיין שעהנסטע בלום.

מאך פאר מיר באלד א גוטען געריכט ווי איך האב ליעב, א רייז־צימעס מיט האניג, און מיר וועלען עס עסען מיט די „פערראח אל־הינד” וואס איך האב דיר געבראכט.

— איך וועל מאכען דיין געריכט אויב גאט וויל (אינשא אללאה) — האט זענייבא געזאגט, ווי פרומע מאחמעדאנער מוזען זאגען.

— אַה ניין, זענייבא, דו וועסט מאכען דעם געריכט ווייל איך וויל עס, און ניט אויב אללאה וויל.

— אפיקורוס ! כופר ! ערגער ווי א קריסט ? מען טאר ניט זאגען „איך וויל”, נור אויב אללאה וויל, ווארום ווען גאט וויל ניט...

— שווייג נארעלע — וואס האט אללאה צו טהאן מיט דיינע געריכטען ? מאך שוין ווי איך היים, ווי איך וויל, ניט ווי אללאה וויל.

— איך וועל דיר מאכען, אבער איך פיהל אז אללאה וועט דיר היינטיגען מאל ניט שענקען, און די שטראף ווארט אויף דיר.

נאצר־עדדין האט זיך צולאכט. ער האט אויסגעשפרייט א קארפעט אין גארטען, און האט זיך צוגעגרייט צום עסען. ער איז געווען שטארק הונגעריג. ווען זענייבא האט צוגעטראגען דעם געריכט, זיינען אריין 2 זאפטיע (פאליציסטען) און זיי האבען געזאגט אז דער וואלי (גובערנאטאר) וויל זעהן באלד דעם פרו־מען נאצר־עדדין.

— גוט, איך וועל קומען באלד נאך מיין מאהל־צייט.

— ניין, צדיק, דו געהסט שוין — האט איינער פון די זאפטיע ערווידערט. וועסט עסען ביי איהם.

— לאזט מיר נעהמען בלויז איין ביסען, פערזוכען מיין מאכל.

— אומזיסט דיין בקשה, מוזט שוין מיטקומען.

— זעהסטו אפּיקורוס — האָט זענייבא געזאָגט צו איהם אָן אַ זייט — ווען אַללאַה וויל ניט, קענסטו מיט דיין גאַנצע חכמה צום מאָל ניט פערזוכען.

ווען נאַצר־עדדין איז אָנגעקומען ביי דעם וואַלי, האָט דער וואַלי איהם מיטגעטהיילט וויכטיגע זאַכען וועגען די פיהרונג פון שטאָדט, און נאַצר־עדדין איז דאָרט אָבגעזעסען איינינע שטונ־דען ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער איז געווען אַזוי הונגעריג אַז ער האָט זיך שוין געוואונשען צו געהן אַהיים. ווען ער האָט ענד־ליך פערלאָזען דעם וואַלי'ס הויז מיט אַ ליידיגען מאָגען, האָט ער געזעהן אַז זיין ווייב וואַרט נאָך אויף איהם, ווייל ער האָט בעמערקט אַ ליכט אין פענסטער. עס האָט זיך איהם זאָגאַר אָבגעדוכט אַז צוויי מענשען זיצען אין פענסטער. אפשר איז דאָס געווען דער שאַטען... ענדליך האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיהר פון זיין הויז.

— גיכער אַחמעד, מיין מאַן קומט, אַנטלויף דורך די טיהר פון גאָרטען און קריך אַריבער דעם פּאַרקען.

אין דער צייט ווען אַחמעד איז אַנטרונען געוואָרען מיט די פּאַנטאָפעל אין האַנד, האָט זענייבא זיך געמאַכט אַ פאַלשען אָנשטעל און געשריען צום טיהר :

— ווער קלאַפּט דאָ אַזוי שפּעט אין דער נאַכט ? דאָס איז ניט די שטימע פון מיין מאַן. אַוועק פון דאַנען, דו אויס־געלאַסענער !

— דאָס בין איך, נאַצר־עדדין, עפען מיין טהייערע.

אין דיזע ווײלע האָט נאַצר־עדדין געהערט ווי עס עפענט זיך די טיהר פון גאָרטען, און עס איז איהם באַלד איינגעפאַלען אַז אין דער צייט וואָס ער איז געווען ביי דעם וואַלי, האָט מיט איהם פּאַסירט נאָך אַ פיעל גרעסערער אונגליק ווי דער הונגער. ער האָט אָבער זיך געמאַכט ניט וויסענדיג און געזאָגט :

— ענדליך יעצט בין איך צוריק ביי מיין טהייערע ווייב וואָס איז מיר אַזוי געטריי, אויב גאָט וויל...

— אהא, ביסט שוין געוואָרען אוים אפּיקורוס ! וואָס האָב איך דיר געזאָגט היינט ? אַז אַללאה וויל, קענסטו נאָך פרום ווערען.

— און אויך דו קענסט נאָך ווערען בעסער, זעניבא, אויב אַללאה וויל...

— מעגסט דאַנקען אחמעד׳ם אינדיק פאַר דיין נייע נשמה.

— איך דאַנק נור אַללאה , אָבער פאַר אחמעד׳ן האָב איך ניט מעהר ווי קללות.

# 1912 — 1913

אויף די פליגלען פון איינבילדונג בין איך אוועקגעפלויגען אויף איינע פון די העכסטע בערג דאָרט וואו „הימעל און ערד קושען זיך" — ווי דער עקספּלאָראַטאָר רבי בר־בר־חנה דריקט זיך אוים (דנשקא ארעא ושמיא) — און מיט גרויס מיה האָב איך געפונען דעם געצעלט פון דער מוטער צייט וועלכע האָ־דעוועט די יונגע יאָהרען ביז עס קומט זייער צייט.

איך האָב אָנגעקלאַפּט און אַן אַלטע פרוי מיט זילבער־ווייסע לאָקען האָט זיך בעוויזען.

— וועמען זוכסטו דאָ ? — האָט זי מיר געפרעגט.

— איך וויל האָבען אַן אינטערוויאו מיט 1913 — האָב איך געענטפערט — איך דאַרף עס פיר אַ אידישע בלאַט.

— איך דענק אז דו קומסט ניט אין די ריכטיגע צייט — ווייל ערב ראש השנה איז פאַר דיר די ריכטיגע צייט צו קומען וועגען אַזעלכע זאכען.

— פערשטעהט איהר מיך, מוטער צייט — האָב איך גע־שטאַמעלט — איך קום אינטערוויאוען 1913 אַלס ביזנעס־ניי־יאָהר, און ווי איהר ווייסט שפּיעלט דאָך דער ערשטער יאַנואר די זעלבע גרויסע ראָלע צווישען אידען אין דער ביזנעס־וועלט, פּונקט ווי ביי אַלע פעלקער אין אייראָפּאַ און אַמעריקא.

מוטער צייט האָט געגעבען אַ שמייכעל...

— קען איך אַלזאָ האָבען דאָס פערגעניגען זיך צו זעהן מיט 1913 איידער ער פאַנגט אָן זיין טהעטיגקייט ?

מוטער צייט האָט זיך צולאַכט.

— וואָס ווייס ער, אזא קליין נפש׳ל, וואָס מיט איהם טהוט זיך, און פון וואנען ווייס ער וואָס ער וועט אויפטהאָן אין די נעכסטע צוועלף מאָנאטען ? — האָט זי געזאָגט צו מיר מיט א טאָן פון מוסר — אלעס וואָס איך קען דיר פערזיכערען איז, אז ער איז א געזונטער, שטארקער קינד, און לויט מיין ער־פאהרונג דארף ער זיין א גוטער יאָהר פאר אלעמען, וויניג־סטענס פאר אמעריקא.

— זייט אזוי גנעדיג און ערלויבט מיר אָנצוקוקען דעם בחור׳ל איידער ער פאנגט אָן זיין טהעטיגקייט.

— אויב אזוי טאָ קום מיט מיר, ווייל זיינע קליינע ברי־דערלאך גיבען איהם אן אבשיעדס־באנקעט איידער ער פער־לאָזט זיי.

מיט דיעזע ווערטער האָט די צייט מיר אָנגענומען פאר׳ן האנד, און מיר האָבען זיך געגעבען א לאָז מיט גוואלדיגע פלינ־קייט, וואהרשיינליך מיר צו ווייזען ווי אמת עס איז דאָס ווער־טיל אז „די צייט פליהט”. ווען מיר זיינען אָנגעקומען האָט די צייט געעפענט פאר מיר א גרויסען זאאל וואָס איז געווען גע־פאקט פון לוסטיגע קליינע אינגעלאך מיט ראָזע בעקעלאך. דאָס זיינען געווען די יונגע יאָהרען וועלכע ווארטען אויף זייער רייהע. יעדער פון זיי האָט געטראָגען א נומער. דער קליינער 1914 און זיין חבר 1915 האָבען זיך געשפיעלט אין א ווינקעלע, און די דריי קלייניקע קינדער 1916—1917—1918 האָבען געטאנצט פרעהליך ארום זיי. גאָר פון דערווייטענס האָב איך געזעהן צוויי ברעקלאך בייבים, מאָנציגע עופה׳לאך. דאָס זיי־נען געווען 1940 און 1965.

קוקענדיג אויף דיעזע צוויי פיצינאָנטינקע וועלכע האָבען זיך געשארט אויף דער ערד, זיינען מיינע אויגען געוואָרען אָנ־געפילט מיט טרעהרען. וואו וועט זיין די האנד וועלכע שרייבט

דיעזע ציילען אין 1965 ?! וואו וועלען מיינע ביינער דאַן ליעגען ?!

אַבער, וואו איז דאַ 1913, דער בחור'ל וועמען איך וויל זעהן ? — האָב איך געפרעגט אונגעדולדיג.

— באַלד קומט ער — האָט צייט מיר בערוהיגט — ער איז געגאַנגען זיך צופּוטצען יום־טוב'דיג. אָט קומט ער טאַקי טאַנצענדיג, איז ער ניט שעהן ?

ווען 1913 איז אַריין אין זאַל האָבען אַלע יונגע יאָהרעלאַך איהם ארומגערינגעלט אום צו נעהמען פון איהם אבשיעד. איך האָב זיך פיר איהם פערנייגט און ער האָט מיט אַ קינדערשען שמייכעל אנערקענט מיין קאָמפּלימענט. מוטער צייט האָט איהם ארויפגעזעצט אויף איהר שויס און אַזוי געזאָגט :

— עס איז יעצט דאָס לעצטע מאָל וואָס דו זעהסט דיינע ברידערלאַך, און אויך דער לעצטער מאָל וואָס איך קען צו דיר ריידען. דו ביזט דאַ געוועזן זעהר גליקליך ביז יעצט, אבער יעצט מוזטו געהן אויף דער וועלט ווייזען וואָס דו קענסט. מען וועט דיך עמפּפאַנגען מיט פרייד, מיט מוזיק, מיט מאָהלצייטען, מיט ליאַרעם ; אָבער זאָלסט דיין קאָפּ ניט פערליערען, מיין קינד, און מיין ניט אז מען וועט זיך מיט דיר פרעהען יעדען טאָג אין יאָהר. די אַלע וועלכע ליובען דיר היינט, וועלען דיר בעליידיגען מיט אַלערליי זלזולים, ווען דו וועסט דארפען מאַכען פּלאַץ פאַר 1914.

— הורראַה פאַר מיר אַליין ! — האָט אויסגעשריען מיט שטאָלץ 1914.

— אויך דיר 1914 וועט זיין די זעלבע זאַך — האָט צייט זיך געווענדעט צום קליינעם אונטערברעכער — ווייל מען וועט אויך ד י ר גענוג בעליידיגען ווען דו וועסט דארפען מאַכען פּלאַץ פאַר 1915.

— אַט איך בין טאַקי דער גאַסט אויף וועמען אַלע וואַר־
טען — האָט אויסגעשאָסען מיט אַ טאַנץ 1915 — ווייל מען
קען ניט עפענען דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל ביז איך קום אָן.

— קינדער ! אונטערברעכט ניט מיין רעדע צו 1913 —
האָט צייט זיך געווענדעט צו די קליינע שטיפערלאַך — יאַ, מען
וועט זיך מיט דיר פרעהען, שטאַרק פרעהען דעם ערשטען טאָג
פון דיין ערשיינונג. דאָך וועסטו האָבען אַ לאַנגען ברוך־הבא
פון פּרעזידענט ווילסאָן און די דעמאָקראַטען, ווייל זיי האָבען
שוין לאַנג, לאַנג ניט געהאַט אַזאַ ליעבען גאַסט... איבריגענס
מיין קינד, איידער דו נעהמסט אבשייד, גיב אַ בליק אויף דאָס
אַלטע 1912, אַ זקן איינגעבויגען אין צווייען. וועסט איהם בע־
געגנען ווי ער הינקט אוועק.

— גוט, איך האָב זיך עפּעס דערמאָהנט ! — האָב איך
אונטערבראָכען מוטער צייט — קענט איהר מיר ניט זאָגען וואו
עס קומען אַהין די אַלטע יאָהרען ?

— עס הייסט איינפאַך, ווילסט זעהן דעם נעכטיגען טאָג ?

— האָט צייט זיך צולאַכט — גוט, קום מיט מיר און לאָמיר
זיך אוועקטראָגען אין מושב זקנים פון די אַלטע יאָהרען.

— וואָס ! אויך די אַלטע יאָהרען האָבען אַ מושב זקנים ?
אָה, איך בין זעהר נייגעריג זיך צו זעהן מיט די אַלטע יאָהרען
וועלכע איך פלעג אַמאָל בעגריסען יעדען ערשטען יאַנואַר דורך
אַ „לוח אין גראַמען". אַ וואונדער וואָס זיי לעבען נאָך...

און מוטער צייט האָט מיר ווידער גענומען אויף אַן אַנדער
באַרג, און עפענענדיג אַ גרויסע טיהר, האָב איך געזעהן ווי אַלטע
שוואַכע זקנים ליעגען אויסגעלעגט אויף בעטלאַך. דערביי איז
שוין אויך געווען אָנגעגרייט אַ בעט פיר 1912.

— זעהסט — האָט צייט צו מיר געזאָגט אָנווייזענדיג אויף
איניגע זקנים — אַט זיי בעקלאָגען זיך פאַרוואָס מען האָט זיי

ניט געגעבען א צווייטען טערמין אויף דער ערד אום צו פער־ריכטען וואָס זיי האָבען קאַליע געמאַכט. מאַנכע ריידען זאָגאר פון א דריטען טערמין — זיי זיינען פּראָגרעסיווע זקנים... ביי דיעזע ווערטער, האָט אויפגעהויבען זיין אַלטען קאָפּ 1907 און אויסגעשריען :

— אסור אויב איך בין שולדיג פאַר דעם פּאַניק אין מיין צייט, באשר די וואָלל סטריט מאַגנאַטען האָבען געוואָלט אָנ־שרעקען רוזוועלט'ן.

פּלוצלונג האָב איך בעמערקט ווי א זקן בעהאַלט זיין קאָפּ אונטער'ן קישען, איך זאָל איהם ניט זעהן. איך בין אָבער צו־געגאַנגען נעהנטער און געזעהן אַז דאָס איז 1903.

— אסור אויב איך בין שולדיג פאַר די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד — האָט ער זיך צואוויינט, און אויך מיינע אויגען זיינען געוואָרען פערוואָלקענט.

ווען איך בין צוריק געגאַנגען האָב איך בעגעגענט הינ־קענדיג דעם אַלטען 1912.

— לאָזט מיך געהן, פרעגט מיר קיין זאַך ניט — האָט ער זיך געבעטען — איך שעהם זיך מיט אייך צו ריידען, גלויבט מיר, איך בין ניט שולדיג ניט פאַר די מלחמה אין טערקיי, ניט פאַר די „טיטאַניק" און ניט פאַר'ן הערמאַן ראָזענטהאַל סקאַנ־דאַל וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אין ניו יאָרק א רעכט ביסעל מערדער און קאָרטעוווניקעס צווישען אידען. אָה, איך בין גענוג פערוואָגעלט, לאָמיך געהן בעהאַלטען מיין בראָך און שאַנדע אין מושב זקנים פון די אַלטע יאָהרען.

אָה, די טראַגעדיע פון צייט ! אָה, דער רעטענים פון די יאָהרען ! ווען וועט דער מענש טאַקי אַמאָל קענען אויפהויבען כאָטש עפּעס דעם געהיימניספאָלען פאָרהאַנג פון אונענד־ליכקייט ?

# מיין שטעדטעלע ריטעווע

איך בין שוין לאנג פון ריטעווע; אבער דיזע שטעדטעלע, וואו מיין מוטער'ס אור־אור־עלטערען זיינען געבארען און גע־שטארבען, שטעהט מיר נאך פאר די אויגען מיט איהר באד־גאס, איהר שילעלער גאס, מעמלער גאס, פלוגיאנער גאס, און די הויפישע גאס, וואס האט געפיהרט צום פאלאץ פון די צוויי ברידער, די פירשטען אגינסקי, וועלכע האבען יאהרען־לאנג געהאלטען אלע אידען אין דער מורא, ווי אזיאטישע טיראנען. דער נאמען אגינסקי איז אימער געווען צו ווארפען א מרה־שחורה אויף גאנץ ריטעווע, ניט נאר אויף די צוויי הונדערט אידישע פאמיליעס אליין, זאנדערען אויך אויף די פויערים אין די דערפלאך ארום שטעדטעל. דער אלטער יעראנים אגינסקי, דער פאטער פון די צוויי ברידער, איז געווען א בעוואוסטער צורר היהודים, און די ריטעווער, וועלכע לעבען נאך, וועלען קיינמאל נישט פערגעסען די זיסע בשורה פון יאהר 1859, ווען די גלאקען פון קירכע האבען געקלונגען טרויעריג און דערצעהלט, אז, עס איז מעהר נישטא קיין אגינסקי. ער אליין, דער „שררה", האט זיך פערגיפטעט אום אסתר תענית, איידער די קאזאקען זיינען איהם געקומען ארעסטירען אלס פוילישען מיאטעזשניק, און אויף מארגען האבען די אידען פון ריטעווע געהאט א דאפעלטען פורים; די מפלה פון המן בן המדתא איז אין גאנצען פערדונקעלט געווארען פון די מפלה פון דיזען פוילישען פירשט, וועלכער האט אונטערדריקט די אידען יאהרען־לאנג, א סך מעהר, ווי פרעה מלך מצרים. ווען יעראנים אגינסקי האט זיינע אויגען געשלאסען אין יאהר 1859

איז דער שרייבער פון דיזע צייל׳ען נאָך אויף דער וועלט ניט געווען, אָבער איך האָב זיך גענוג אָנגעהערט פון מיינע עלטערען ווענען די מעשים תעתועים פון דיזען פּוילישען פּירשט, וועל־בער האָט געהערשט מיט אַן אייזערנער האַנד, און איך האָב אויך שפּעטער געהאַט די געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט זיינע צוויי בנים, וועלכע האָבען איבערגענומען בירושה די ממשלה פון זייער פאָטער.

איך וועל קיין מאָל נישט פערגעסען יענע סצענע פון א גע־וויסען שבת נאָך מיטאג ; דער עולם איז צוזאַמענגעקומען אין שוהל, ווי געוועהנליך אַלע שבת. אייניגע האָבען געזאָגט תהלים, א טהייל האָבען צוגעהערט, ווי דוד איטשע מאיר׳ס זאָגט „מנורת המאור״; אַנדערע האָבען אַזוי גלאַט גע׳דוכנ׳ט איבער א גמרא, דער אַלטער ר׳ מישעל איז געזעסען אין א ווינקעלע מיט א אלפס, אורע פון טראַקטיר האָט „געקוקט״ אין א ספר השכלה און ר׳ לייבציג חריף האָט געלערענט מיט געצקע דעם עלזי „שיטה מקובצת״. פּלוצלונג איז שטיל געוואָרען אין בית המדרש, וואָלפע דער שמש איז אַריינגעלאָפען פערסאָפּעט און האָט אויסגעשריען מיט א האַלב־פערשטיקטען געוויין :

— אַגינסקי האָט געשיקט גוים אַקערען אויף אונזער בית עולם !

דאָס איז געווען אמת. די צוויי יונגע פּירשטען, אַגינסקי׳ס בנים, האָבען ווירקליך געשיקט אַקערען אידישע קברים, און זיי אליין זיינען דאָרט געווען צו קלייבען נחת פון דיזען בויאַנ־סקען שפּאָס ! דאָך מיט די אַלע פערפאָלגונגען האָט ריטעווע ארויסגעגעבען א טוטץ מערקווירדיגע אידען מיט אינטערנאַ־ציאָנאַלע בעריהמטקייט : גרויסע רבנים, בעוואוסטע מוזיקער, וועלכע האָבען היינט קאָנסערוואַטאָריומס אין דייטשלאַנד און אמעריקא, בעריהמטע שריפטשטעלער אין העברעאיש און אי־

דיש, גרויסע מעדיצינישע און מאטהעמאטישע ספעציאליסטען. עס איז מעגליך אז די שעהנקייט פון שטעדטיל האט פיעל גע־האלפען ענטוויקלען דעם עסטהעטישען געשמאק צו אלעס, וואס איז שעהן, ווייל קיין שטאדט אין דער ליטא איז נישט ארומ־גערינגעלט מיט אזא מאגנעטישען חן ווי ריטעווע. ווען מען איז דריי מייל פון ריטעווע, זעהט מען שוין די צוויי שפיצען פון דער משונה'דיגער הויכער קירכע, פונקט ווי זיי פערליערען זיך צווישען די וואלקענס. די בלומען וואקסען אין שטאדט פון ביידע זייטען ברוק, וואס איז אויסגעפלאסטערט מיט קליינע שטיינדלעך. ווי מאיעסטעטיש און פאעטיש־שעהן ס'איז געווען דער פיער־קאנטיגער טייך, וואס מאכט א מחיצה צווישען שטעד־טיל און אגינסקי'ס הויף ! דער געגראבענער טייך איז בעליא־מעוועט פון אלע זייטען ארום מיט הויכע גראז, בלומען און ראזען. פון יענער זייט טייך זעהט זיך א וואונדער־שעהנער פאלאץ, וואס מעג שטעהן אין שאן־ז־עליזע פון פאריז, אין פיקאדילי פון לאנדאן און אין פינפטע עווענױ פון ניו יארק. די הייזער אין שטעדטיל זיינען צוזאמענגעשטעלט מיט געשמאק : נעבען יעדע הויז איז דא א גערטעלע מיט פרוכט־בוימער פון פארענט, מיט א גארטען פון הינטען. די בוימער זיינען בעלאגערט מיט נעסטען, און ווי עס קומט דער אבענד, הערט מען ווי הונ־דערטע פויגעלאך גיבען אפ קאנצערט און פערפלייצען די לופט מיט א רעגען נאטען. דארט האב איך מיין קינדרייהט פערבראכט, ווען מען האט מיר גערופען : „ריטעווער עילוי" כאטש איך האב עס אפשר נישט פערדיענט.

דער אלטער אגינסקי מיט זיינע זיהן האבען אויסגעגעבען נענגוג געלד ביז זיי האבען פערוואנדעלט זייער רעזידענץ־שטאדט ריטעווע אין א קליין פאריז, אין א שעהנעם אתרוג, וואו מען האט געקענט אנקוקען די רייכע נאטור פנים אל פנים.

# דער נאָדעל-שלינגער

דר. בערגמאַן איז אַריינגעקומען אין האָספּיטאַל מיט אַ שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

ער האָט דורכגעשפּאַציערט דעם קאָרידאָר פון דעם גרויסען האָספּיטאַל מיט לייכטע טריט יענעם טאָג און קוקענדיג אויף זיין גאַנג וואָלט קיינער ניט געזאָגט אַז דער דאָקטאָר בערגמאַן איז שוין אַריבער 60. ער איז געגאַנגען ווי צו אַ באַנקעט, ווייל ער האָט בעדאַרפט מאַכען דאָס וואָס די דאָקטאָרען רופען אַ „שעהנע אָפּעראַציאָן" וואָס טרעפט זיך ניט אַלע יאָהר און דיזער גע־דאַנק אַליין האָט געבראַכט אַ שמייכעל אויף זיין פּנים.

— האָט מען שוין פערשלעפערט דעם פּאַציענט ? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט אין דער צייט ווען ער האָט אָנגעטהון זיין ווייסען פאַרטוך.

אויף דעם אַנטוואָרט אַז אַלעס איז פערטיג, האָט דער דאָק־טאָר זיך גענומען צוגרייטען. דער פּאַציענט איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר 35 וועלכער האָט די לעצטע צעהן יאָהר געמאַכט אַ לעבען פון שלינגען נאָדלען און שפּילקעס אין אַ ביליגען מוזעאום פון ניו יאָרק. די ערשטע אייניגע יאָהר האָט ער ניט געשפּירט די אייזען וואָס ער האָט אַריינגענומען אין מאָגען ; אָבער אַם ענדע האָט ער אָנגעפאַנגען פיהלען אַז ער האָט אינווענינג אַ שווערע לאַסט, און ער האָט זיך געווענדעט צו אַ דאָקטאָר, וועל־כער האָט איהם אויסגעהערט, גוט אונטערזוכט און איהם גע־געבען אַ רעקאָמענדאַציאָן צו דר. בערגמאַן אין אַ גרויסען האָס־

פיטאל פֿן ניו יאָרק, אַ דאָקטאָר וועלכער איז אַ וואהרער ספּעצ־יאַליסט פיר אַזעלכע אָפּעראַציאָנען.

— ארויסנעמען פון אַ מענשען'ס מאָגען אַ גאַנצען סטאַק נאָדלען און שפּילקעס, דאָס איז ווירקריך אַ שעהנע אָפּעראַציאָן — האָט דער דאָקטאָר בערגמאַן בעמערקט צו זיינע אַסיסטענ־טען און ער האָט פערקאַשערט זיינע ארבעל. די אינסטרומענטען זיינען געלעגען גרייט אויף אַ טישעל, און צווישען זיי איז אויך דער זייגער פון דאָקטאָר מיט'ן ציפערבלאַט ארויף, אום ער זאָל וויסען גענוי אויפ'ן סעקונדע ווי לאַנג דיזע אָפּעראַציאָן וועט דויערען.

און ער האָט די אָפּעראַציאָן אָנגעפאַנגען. דער פּאַציענט האָט געהאַט זיין מאָגען אויסגעפלאַסטערט מיט שטאָהל און אייזען. אַזוי פיעל נאָדלען און שפּילקעס ! דער דאָקטאָר האָט זיך פערטיעפט אין זיין אינטערעסאַנטע אָפּעראַציאָן וואָס האָט אָנ־געהאַלטען אונגעפעהר גאַנצע דרייסיג מינוטען, און ווען מען האָט דעם פּאַציענט צוריק געבראַכט אין זיין בעט, נאָך דער אָפּעראַציאָן, און ער איז געקומען צו זיך פון די כלאָראָפאָרם, האָט ער זיך געפיהלט לייכטער. דער דאָקטאָר איז געוועזען זעהר צופריעדען פון זיין שטיקעל ארבייט, און איידער ער האָט פער־לאָזען דעם האָספּיטאַל האָט ער געגעבען נאָך אַ בליק אויפ'ן פּאַציענט, און ער האָט איהם גראַטולירט מיט דיזע ווערטער:

— וויטער, מיין פריינד, זייט גוט פּאָרזיכטיג, איהר זאָלט ניט צוריק קריגען אַ אייזערנעם מאָגען.

דר. בערגמאַן האָט געגעסען מאָנטאַג פריהשטיק מיט אַ גו־טען אַפּעטיט, און ער האָט אויך געטרונקען אַ פּאָר גלעזער וויין, פעררויכערט אַ גוטע ציגאַר, און ער האָט זיך פאָרבערייטעט צו געהן בעזוכען זיינע רייכע קראַנקע אין זייערע הייזער. ווען ער האָט פערלאָזען זיין טיש, האָט ער געוואָלט וויסען ווי שפּעט עס

איז אויף זיין זייגער. אָבער, ווי איבערראַשט איז ער געוואָרען, זעהענדיג אַז די רעכטע טאַשע פון זיין וועסט איז ליידיג. זיין זייגער איז ניטאָ!

— וואו איז מיין זייגער? — האָט ער געפרעגט זיך אליין.

דער דאָקטאָר האָט זיך באַלד דערמאָהנט אַז זיין זייגער איז געווים געבליבען אויפ'ן טיש צווישען די אינסטרומענטען. דער זייגער איז אָבער געווען ביי איהם זעהר טהייער, אַ ירושה פון זיין מוטער וואָס ער האָט שטאַרק געשעצט די לעצטע 40 יאָהר. דער דאָקטאָר האָט געכאַפּט אויף שנעל אַ „טאַקסי" און איז געפאָהרען צוריק אין האָספּיטאַל. אָבער אומזיסט! די דאָקטוירים און פעלשערם פון האָספּיטאַל האָבען דורכגעזוכט אַלע אינסטרומענטען און האָבען דעם טהייערען זייגער ניט געפונען. קיינער האָט דעם זייגער געזעהן.

— איך דענק, דאָקטאָר, אַז איהר האָט אייער זייגער פערגעסען ביי אייך אין הויז, ניט היער — האָט צו איהם געזאָגט אַ פעלשער וועלכער איז געווען ביי דער אָפּעראַציאָן.

דער דאָקטאָר האָט ניט לאַנג געוואַרט, און איז באַלד צוריק אוועק נאָך זיין הויז זוכען דעם זייגער, אָבער אומזיסט דאָס זוכען, דער זייגער איז אַלץ ניטאָ. עס זיינען אַריבער אייניגע טעג, אַ וואָך, און דער דאָקטאָר האָט ניט געקענט איין ווייַלע פערלירען פון זיין געדאַנק אַז ער האָט ניט זיין טהייערען זייגער. מיט צוויי וואָכען שפּעטער ווען דער דאָקטאָר איז שוין געגאַנגען קויפען אַ נייעם זייגער, איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק וואָס האָט איהם געמאַכט שוידערען און ער איז בלאַס געוואָרען.

— איך האָב שטאַרק מורא — האָט ער געמורמעלט צו זיך אליין — אַז מיין זייגער איז געבליבען אין דעם מאָגען פון דעם נאָדלען־שלינגער ווען איך האָב איהם געמאַכט די אָפּעראַציאָן.

ווער ווייסט ? דער זייגער איז געלעגען צווישען די אינסטרו־
מענטען, און ווער ווייס וואס פיר א שרעקליכער טעות דא איז
געשעהן !

ווי נאר דיזער שוידערהאפטער געדאנק איז איהם אריין
אין קאפ, איז דער צווייפעל געווארען ביי איהם באלד א געוויסע
זאך, און ער איז געוועזן אויסער זיך. סטייטש, ער, וועלכער איז
אימער אזוי פארזיכטיג, זאל זיין א קרבן פון אזא שרעקליכען
טעות !

— ווען מיינע קאמראדען אין האספיטאל זאלען זיך דער־
וויסען פון מיין טעות, איז מיין בעריהמטקייט פערלארען, און
איך וועל ניט קענען'ן י אויגען ווייזען אין האספיטאל — האט ער
געזיפצט צו זיך אליין און איז ארויס פון געדולד.

ביי איהם איז געבליבען ער זאל ווידער לויפען אין האס־
פיטאל און מאכען דעם פאציענט א צווייטע אפעראציאן מיט דער
מעדיצינישע פרעטענזיע אז דער פאציענט מוז נאך אמאל אפע־
רירט ווערען, און ער וועט ארויסציהען דעם זייגער פון בויך אזוי
אז די אסיסטענטען זאלען עס ניט בעמערקען. ער מוז עס טהאן
ניט אזוי צוליעב דעם זייגער, ווי צוליעב די געזונדהייט פון
פאציענט.

ווען דר. בערגמאן איז אנגעקומען אין האספיטאל, איז ער
באלד געלאפען צום בעט פון זיין פאציענט. אבער די בעט איז
געוועזן ליידיג, ווי די רעכטע טאשע פון זיין וועסט.

— דער נומער 22 האט געסטערן פערלאזען דעם האס־
פיטאל פאלקאמען געזונד — האט מען איהם געזאגט.

— פאלקאמען געזונד ! —. האט דער דאקטאר זיך גע־
וואונדערט — פאלקאמען געזונד מיט א זייגער אין בויך...

— גיבט מיר געשווינד דעם נאמען פון פאציענט און זיין
אדרעסע — האט דער דאקטאר געבעטען.

מיט שווערע מיה האָט דער דאָקטאָר געפונען זיין פּאַציענט וועלכער איז געווען צוריק ביי זיין אַלטע בעשעפטיגונג. דער דאָקטאָר האָט איהם אָבגערופען אָן אַ זייט און האָט איהם ער־קלעהרט שטאַמלענדיג אַז אום ער זאָל אין גאַנצען געזונד ווערען מוז ער האָבען נאָך אַ קליינע אָפּעראַציאָן.

דער נאָדעל־שלינגער איז בלאַס געוואָרען, און נאָך אַ קור־צע איבערלייגונג מיט זיך אַליין איז ער מיטגעפאָהרען מיט'ן דאָקטאָר צום האָספּיטאַל.

ווען דער פּאַציענט איז ווידער געלעגען אויפ'ן אָפּעראַצ־יאָנס־טיש פערשלעפערט, און דער דאָקטאָר איז געשטאַנען גרייט מיט פערקאַשערטע אַרבעל, האָט ער זיך צולאַכט, און די אינ־סטרומענטען זיינען איהם אַרויסגעפאַלען פון האַנד. דורך אַ צופאַל האָט ער אָנגעריהרט די לינקע טאַשע פון זיין וועסט אום עפּעס צו זוכען, און ער האָט אָנגעטאַפּט זיין זייגער! פּערציג יאָהר האָט ער געטראָגען זיין טהייערען זייגער אין די רעכטע טאַשע פון זיין וועסט, און איהם איז גאָר ניט איינגעפאַלען אַז ביי די ערשטע אָפּעראַציאָן פון נאָדעל־שלינגער האָט ער פער־טראַכט אַריינגעלייגט זיין זייגער אין די לינקע טאַשע פון זיין וועסט.

— וואָס לאַכט איהר, דאָקטאָר? — האָט דער אַסיסטענט איהם געפרעגט.

— וועקט אויף דעם פּאַציענט. ער דאַרף קיין צווייטע אָפּע־ראַציאָן — האָט דער דאָקטאָר געמורמעלט און ווייטער געלאַכט — איך וועל אייך אַן אַנדער מאָל ערקלעהרען די אורזאַכע.

אָבער דר. בערגמאַן האָט זיי קיינמאָל ערקלעהרט דיזען מע־דיצינישען רעטענים וואָס האָט זיך געענדיגט מיט אַ געלעכטער ביי דעם אָפּעראַציאָנס־טיש.

# דער סופליאָר

(הומאָרעסקע)

**אין קאַפע „טאַמער פערקעהרט"** וואו ער פלעגט יעדען נאָכ־מיטאג קומען שפּיעלען אַ דאָמינא, האָט מען איהם גערופען „נייטען דער סופליאָר", אָדער „דער סופליאָר" אַליין. ער האָט דיזען טיטעל פאַלשטענדיג פערדיענט, ווייל ער איזווירקליך געוועזן אַ „סופלעור" — אָדער „סופליאָר" ווי מען רופט עס פערגרייזט אין אידישען טהעאַטער.

אין אַמעריקאַנער טהעאַטערע מערקט מען זעלטען דעם סופליאָר, אָבער אין די אידישע טהעאַטערע הערט מען איהם גאַנץ גוט ווי ער זיצט אויף דער ביהנע אין אַ שטייג ביז'ן האַלז אין דער ערד און ער זאָגט פאָר בקול רם די „עברי" פון דער פּיעסע וואָס מען שפּיעלט. ער זאָגט עס אָפט אַזוי הויך אַז מען הערט וואָרט פיר וואָרט ווי דער „סופליאָר" רעדט עס אַרויס נאָך העכער ווי דער אַקטיאָר! אָבער, נייטען דער סופליאָר, דער העלד פון דיזער מעשה'לע, האָט געקענט זיין פּראָפעסיאָן אמת גוט. ער האָט קיינמאָל ניט געשריען הויך, נור ער האָט אימער איבערגעגעבען די ווערטער כמעט אויפ'ן וואונק דורך אַ בעוועגונג מיט זיינע ליפּען, דורך אַ דרעה מיט'ן פינגער. זאָגאר אַ ניגון פון אַ ליעדעל פלעגט ער קענען דערמאָנען די אַקטיאָרען בלויז דורך אַ שטומע מינע, ווי געוועהנליך אַ פעהיגער סופליאָר דאַרף זיין. ווען ער איז אריין אין קאַפע „טאַמער פערקעהרט" זאנטאג פאר נאַכט, האָט ער דערצעהלט אַז אין די יעצטיגע

פּיעסע פון זיין טהעאַטער דאַרף מען האָבען אין דריטען אַקט אַ קליינע וויטציגע רעדע וואָס איינער פון די העלדען דאַרף האַלטען ביי אַ באַנקעט לכבוד אַ לופט־פליהער. ער האָט בע־מערקט אַז דער „סטאַר״ גיט צעהן דאָלאַר בלויז פיר 15 אָדער 20 שורות פון אַזאַ וויטציגע לופט־רעדע.

— איך מאַך עס — האָט זיך אָבגערופען אַ זשורנאַליסט, און אין זיבען מינוטען אַרום האָט ער איהם דערלאַנגט דיזע רעדע:

„מיינע טהייערע לופט־מענשען!

„דער לופט־פליהער איז אַ מענש מיט אַ הויכען בליק. ער איז אַ לופט־קינד, אָבער ער אַרבייט אויף די אויבערשטע כלים אום צו שטייגען אויף די פליג־לען פון בעריהמטקייט. עס איז אמת אַז דער לופט־פליהער קוקט אויף אַלעם פון אויבען אַרונטער, אָבער נאָך אַלעמען האָט ער אַ הויכע מיינונג פון אַלעם אַרום איהם. זיין מאָטאָ איז „אַז מען קען ניט אַרונטער, מוז מען אַריבער״ — און זיין פּאָהן איז הימעל־קאָ־ליר. אין רעסטאָראַנט איז זיין בעליעבטע שפּייז אַ פליגעלע פון אַן עוף... דער לופט־פליהער האָט קיינמאָל קיין מורא ניט פאַר באַנאַנאַ־שאָלעכץ אונטער זיינע פיס און פאַר אַ שטיין אין קאָפּ פון אַ בויאַן. ער איז אַ מענש מיט אַן ערהויבענעם כאַראַקטער און מיט הויכע אידעאַלען״.

— איך נעהם אָן דיזע רעדע, און היער איז אייער געלד — האָט דער סופּליאַר זיך גענעבען אַ כאַפּ — און איהר מעגט שטאָלצירען וואָס איהר האָט פערדיענט צעהן דאָלאַר אין וועניגער פון צעהן מינוטען. איך בין זיכער אַז דעם סטאַר וועט עס געפעלען.

איידער דער סופליאָר האָט געענדיגט ריידען, האָט מען איהם אָבגערופען אויפ'ן טעלעפאָן אז ער זאָל וואָס גיכער קומען אין טהעאַטער. דער סופליאָר האָט איבערגעלאָזען א האַלבע הייסע גלאָז טהעע, מיט אַלע זיינע בעקאַנטע און ער איז געלאָפען אויף גיך וואו די קונסט רופט איהם.

אין קאַפע־הויז איז דאָס קיין איבערראַשונג געווען, ווייל עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס מען רופט אַוועק דעם סופליאָר אין מיטען דאָמינא צו זיין טהעאַטער, און עס האָט שוין זאָגאר איין מאָל פּאַסירט ווען ער איז אַרויסגעלאָפען מיט'ן דאָבל־סיקס אין האַנד. די איבערראַשונג איז געווען ווען ער איז צוריק־געקומען האַלב־בעגייסטערט און האַלב נערוועז.

— די לופט־דרשה איז געווים ניט געפעלען דעם סטאַר ?

— האָט איינער פּרובירט טרעפען.

— אָה, ניין, איהר האָט ניט געטראָפען — האָט דער סופליאָר זיך צולאַכט — די רעדע איז געווען זעהר געפעלען אַלעמען נור איך האָב אַ וויכטיגערע זאַך אייך צו דערצעהלען. מאָרגען אָבענד פאַנגט אָן שפּיעלען ביי אונז אַ נייער סטאַר, און ער וועט האָבען כמעט די הויפּט ראָלע פון אונזער היסטאָרישע פּיעסע „דער פערביטענער פּרינץ פון יריחו".

— ווער איז דיזער נייער סטאַר ?

— קיין אַנדערער ווי איך אַליין ! יענער סטאַר האָט זיך צואווערטילט מיט'ן מענעדזשער, און אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, האָט דזשייק אונז פערלאָזען. נו, אַזוי ווי איך האָב שוין דיזע פּיעסע אַזוי פיעל מאָל סופלירט, און איך קען אַלע ראָלעס אויס־ווענדיג, האָב איך גענומען צו שפּיעלען די שווערע ראָלע פון פעלד־מאַרשאַל עזריקם בן זרח.

— און ווער וועט סופלירען די פּיעסע אין שטייג ?

— איך דאַרף קיין סופליאָר, ווייל איך קען די גאַנצע פּיעסע

אויף אויסוועניג. נור, די אַנדערע וועלען מוזען יוצא זיין מיט אַ סופליאָר וואָס מיר האָבען אויסגעקליבען צווישען איינעם פון די אַקטיאָרען וועלכען מען דאַרף אין דיזע פּיעסע ווי אַ פינפטען ראָד צום וואָגען.

— עס זאָל זיין מיט מזל ! — האָט מען איהם געוואונשען
— מיר גראַטולירען אייך מיט אייער נייער גדולה !

דער סופליאָר האָט איבערגעלאָזט אַ צעהן אומזיסטע טיר־קעטס און ער האָט געבעטען מען זאָל קומען מאָרגען אַפּלאָדירען זיין ערשטען אויפטריט אויף דער ביהנע אין דער ראָלע פון פעלד־מאַרשאַל עזריקם בן זרח.

די היסטאָרישע אָפּערא „דער פערביטענער פרינץ פון יריחו" איז געווען אין פינף אַקטען און אין גראַמען. אין דריטען אַקט קומט אויך פּאָר ווי חסידים זיינען מחדש די לבנה אויף אַן עיראָפּלעין, און באַלד נאָך דעם איז דער באַנקעט לכבוד דעם לופט־העלד עזריקם בן זרח. דער ערשטער אַקט איז אָבגעלאָפען ציעמליך גלאַט. די אַקטיאָרען האָבען אַ ביסעל געבלאָנדזשעט, ווייל עס האָט זיי געפעהלט דער ריכטיגער סופליאָר, אָבער דער עולם האָט זיך ניט געקימערט, ווייל מען איז געקומען הערען און זעהן דעם נייעם סטאַר מיט וועמעס נאָמען עס איז געווען פערקלעפּט אַלע ווענט פון טהעאַטער ווי אויך די פענסטער פון אייניגע קאַפע־הייזער ארום. די גראַמען זיינען ארויסגעקומען אַביסעל קוידערדיג, אָבער דער עולם האָט זיך פערהאַלטען רו־היג. דאָך דער פעלד־מאַרשאַל עזריקם האָט ניט געקענט זיך איינהאַלטען רוהיג, קוקענדיג ווי דער נייער סופליאָר טויג אויף קלאָגען. ער אַליין, דער פעלד־מאַרשאַל, האָט געוואָלט עפּעס אונטערכאַפּען און העלפען סופלירען פיר די אַנדערע אַקטיאָרען, אָבער זיין פּאַפּיערענער קיווער און זיין שווערד מיט'ן מגן־דוד האָבען איהם דערמאָנט אַז ער איז אַן אַקטיאָר, ניט קיין סופ־

ליאָר! נור, אין צווייטען אקט, האָט ער זיך שוין ניט געקענט מעהר איינהאַלטען. עס האָט געהאַלטען גראַדע ביי דעם דראַ־מאַטישען מאָמענט ווען די פּרינצעסין אביגיל פון תחפנחס פאַלט אויף די קניע פאַר'ן פעלד־מאַרשאַל און שרייט אויס:

פערשטאָפּט ניט די אויערען מיט וואַטע,
איהר, העלד, זייט מיין קינד'ס טאַטע!
איך, פון תחפנחס שטאָלצע דאַמע,
איך בין, איך בין — — — — — — —

דאָ איז די פּרינצעסין אביגיל געבליבען שטעקען, ווייל זי האָט פערגעסען וואָס ווייטער שטעהט, און דער סופליאָר איז גראַדע אַנדרעמעלט געוואָרען. דער פעלד־מאַרשאַל עזריקם האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען, און ער האָט איהר סופ־לירט:

„איך בין אייער קינד'ס מאַמע" — — —

די פּרינצעסין אביגיל האָט עס באַלד נאָכגעזאָגט אָבער זי איז ווידער געבליבען שטעקען. זי האָט ווידער איבערגעזאָגט:

„איך בין אייער קינד'ס מאַמע" — — — —

איינער פון גאַלערי האָט באַלד אויסגעשריען:

— זי איז שוין אַ מאַמע צום צווייטען מאָל! — און אין טהעאַטער איז געוואָרען אַ געלעכטער.

דאָ האָט שוין דער פעלד מאַרשאַל אין גאַנצען פערגעסען אַז ער איז אַן אַקטיאָר, און ער האָט סופלירט יעדעס וואָרט וואָס די אונגליקליכע אביגיל האָט צו זאָגען, און טאַקי ער אליין האָט איהר באַלד געענטפערט. ער איז געוואָרען אַקטיאָר און סופליאָר צוזאַמען — און דער געלעכטער אין טהעאַטער האָט צוליגט די ווענט.

ענדליך, דער צווייטער אַקט האָט זיך געענדיגט מיט די ווילדעסטע מהומה. מען האָט געפּאַטשט, געפייפט, געשריען,

און ווען עזריקם בן זרח איז אַרויסגעקומען האָט פערטויבט דער דאַך. אָבער, דער גרעסטער געלעכטער איז געווען אין דריטען אַקט, ווען עס איז געקומען צו דער רעדע לכבוד דעם העלד וועלכער איז געפלויגען אין עראָפּלאַן פון כרכמיש ביז תרשיש צו פערניכטען אַלע פלשתים. די רעדע איז סופלירט געוואָרען אַזוי:

„דער לופט־פליהער איז אַ מענש מיט אַ גרויסען בליק, ער אַרבייט אויף די גרעסטע כלים צו קומען צו בעריהמטקייט, ער זאָגט אַז ווען מען קען ניט אַריי־בער מוז מען אַרונטער, און זיין בעסטער מאכל פון אַן עוף איז אַ פּאַלקע מיט אַ פּופּיק׳ל, א. ז. וו.

דער גאַנצער וויטץ פון דעם זשורנאַליסט׳ס רעדע וואָס איז בעשטאַנען אויף וואָרט־שפּיעלען וואָלט פערלאָרען געגאַנ־גען — ווען ניט דער אַקטיאָר־סופליאָר וועלכער האָט געגעבען אַ וואונק די רעדע ווידער אָנצופאַנגען און ער אַליין האָט סופ־לירט דיזע רעדע וואָס מען האָט געהאַלטען לכבוד איהם אַליין! אָבער מען האָט שוין די לעצטע צוויי אַקטען ניט געענדיגט.

ווען איהר פערבלאָנדזשעט אין קאָפּע „טאָמער פערקעהרט" און איהר ווילט אַריינברענגען שטאַרק אין כעס נייטען דעם סופ־ליאָר, דאַרפט איהר בלויז מאַכען דיזע בעמערקונג:

— יאַ, פריינד, סופלירען און שפּילען זיינען צוויי זאַכען... עס וועט אייך באַלד פליהען אַ דאַבל־סיקס אין קאָפּ.

# דער ווייסער בער

קענט איהר די מעשה׳לע פון ווייסען בער? וואהרשיינליך ניט, ווייל ערשטענס איז דאס א יאפאנעזישע באבע־מעשה׳לע, און צווייטענס ווען איהר זאלט אפילו יא האבען געהערט, מעגט איהר עס הערען נאך אמאל אין אידיש. איבריגענס, די מעשה׳לע איז זעהר א קורצע און איז ניט מעהר ווי א הקדמה צו עפּעס אנדערש.

היער איז צוערשט די מעשה׳לע פון ווייסען בער:

א פארמער מיט דעם נאמען אאקי האט אמאל געאקערט זיין פעלד ניט ווייט פון יאקאהאמא, ווען א פרעמדער איז פערבייגעפאהרען און ער האט צו איהם געזאגט:

— דו ערליכער מענש, ווילסטו ווערען רייך איבער נאכט?

— געוויס, געוויס — האט אאקי געענטפערט — זאג מיר, גוטער מענש, וואס איך האב צו טהאן אום צו ווערען אן עושר?

— דארפסט טהאן זעהר א קליינע זאך — האט דער פרעמדער געשמייכעלט — זעהסטו, יענעם געדיכטען בוים לינקס? פונקט האלבע נאכט זאלסטו צוגעהן צו יענעם בוים און זאלסט אנפאנגען גראבען אונטער׳ן בוים, און ווען דו וועסט האבען אויסגעגראבען צוויי פוס טיעף, וועסטו געפינען אן אוצר. פער־

געם אָבער ניט, אַז דאָס מוזטו אָנפאַנגען פּונקט האַלבע נאַכט, ניט פריהער און ניט שפּעטער.

— אה, עס איז זעהר אַ קליינע זאַך — האָט אַאַקי זיך דערפרעהט און בעדאַנקט דעם אונבעקאַנטען וועלכער האָט שוין געהאַט זיך צוריקגעצויגען אַ צעהנדליג טריט אום צו פאָהרען ווייטער זיין וועג. אָבער פּלוצלונג האָט דער אונבעקאַנטער זיך אָבגעשטעלט, האָט צוגערופען דעם פּאַרמער און צו איהם ווייטער געזאָגט :

— איך האָב שיער פערגעסען דיר צו פערזאָגען נאָך אַ זעהר וויכטיגע זאַך ווי צו קריגען דיין אוצר. ווען דו וועסט גראָבען די ערד אַרום בוים, טאָהרסטו ניט טראַכטען פון אַ ווייסען בער, ווייל ווי דו וועסט נאָר האָבען אויפ'ן געדאַנק איך דער צייט פון גראָבען אַ ווייסען בער, איז אומזיסט דיין האָפ־נונג צו געפינען דעם אוצר.

מיט דיזע ווערטער האָט דער פרעמדער זיך דערווייטערט און איז פערשוואונדען, וועהרענד דער פּאַרמער אַאַקי איז גע־בליבען שטעהן פערטראַכט.

— צו וועלכען שוואַרץ יאָהר — האָט אַאַקי געמורמעלט — האָט דער פרעמדער בעדאַרפט מיר געבען אַזאַ משוגע'נע וואָרנונג ? ווען ער וואָלט מיך ניט דערמאָהנט פון אַ ווייסען בער, וואָלט איך עס געוויס קיין מאָל אין זינען ניט געהאַט. עס איז אפשר מעהר ווי צעהן יאָהר זייט דער וואָרט אָדער בילד פון אַ ווייסען בער איז מיר צום מאָל ניט ארויפגעקומען אויף מיינע געדאַנקען ! נאַטירליך, וואָלט איך געוויס ניט געדענקט דערפון בשעת גראָבען ; אָבער יעצט, אַז דער טיפּוש האָט מיר פערזאָגט ניט צו טראַכטען פון אַ ווייסען בער, האָב איך מורא אַז עס איז אומזיסט מיין האָפנונג אויפ'ן פערשפּראָכענעם אוצר.

דאָך, האָט דער פאַרמער בעשלאָסען אַז ער מוז קריגען דעם אוצר, און בכן וועט ער זיך בעמיהען מיט אַלע כחות צו טהאָן וואָס מען האָט איהם רעקאָמענדירט. פונקט האַלבע נאַכט האָט ער אָנגעפאַנגען גראָבען אונטער'ן בוים. אָבער אומזיסט זיין מיה! ער האָט געגראָבען און געגראָבען ביז עס איז טאָג גע־וואָרען, ווען ער האָט געגעבען אַ שליידער די לאָפּעטע מיט דיזען זיפץ:

— איך ווייס אַז עס איז אומזיסט מיין אַרבייט, וואָרום איך קען ניט אַרויסשלאָגען פון מיין קאָפּ דעם ווייסען בער, און הלואי וואָלט דער פרעמדער בעסער שטום געוואָרען יענע מינוט ווען ער האָט צוריקגעקעהרט מיר אָנזאָגען אַז איך זאָל חלילה ניט דענקען פון אַ ווייסען בער, וואָס איך האָב קיין מאָל סאַי ווי סאַי אין זינען ניט געהאַט!

דיזע מעשה'לע מיט'ן ווייסען בער פּאַסירט יעדען טאָג אויף יעדען טריט, ניט נור אין יאַפּאַן, זאָנדערן אויך דאָ און דאָרט און איבעראַל. עס טרעפט יעדען טאָג אין לעבען אַז אַן איבעריגע רעקאָמענדאַציאָן, אַ נאַרישע עצה, אַן איבריגע וואַרנונג ברענגען אַ שעדליכען רעזולטאַט, פונקט דער היפּך וואָס מען האָט ער־וואַרטעט. איך וועל דאָ געבען בלויז איינינגע ביישפּיעלען:

— ווייסט סעמי — זאָגט די מוטער צו איהר קליינעם זוהן — איך געה אויף אַ ווייל'ע אַרונטער צו מיין שניידערקע. זאָלסט ניט שטיפען, קיין זאַך ניט צוברעכען. איבערהויפּט קריך ניט צו יענע אויבערשטע פּאָליצע וואו עס שטעהט די איינ־געמאַכץ.

דער קליינער סעמי האָט די איינגעמאַכץ צום מאָל אין זינען ניט געהאַט, און ער האָט אויך ניט געוואוסט וואו עס ליעגט, איידער די מאַמע האָט איהם דיזע וואַרנונג געגעבען. עס איז איבעריג צו זאָגען אַז ווען די מאַמע איז צוריק געקומען

האָט זי געפונען דעם טאָפּ האַלב ליידיג און סעמי׳ס בעקלאָך פערשמירט. — אַ ווייסער בער, ניט אמת ?

אַ דאָקטאָר ווערט גערופען אין האָטעל צו אַ מאַן וועלכער האָט אַבגעגעסען זיין מאָהל־צייט — אַביסעל איבערגעכאַפּט די מאָס — און ער פיהלט זעהר ניט גוט. דער דאָקטאָר אונטער־זוכט איהם, זעהט אַז עס איז ניט ערנסט, בלויז וואָס ער האָט אַביסעל צופיעל געגעסען. ער הייסט עפּעס נעהמען, אָדער ער פערשרייבט וואָס, און איידער ער געהט אַוועק פרעגט דער פּאַציענט נאָך אַמאָל אויב עס איז חלילה ניט קיין ערנסטע מאָגען־קראַנקהייט.

— איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל — פאַנגט אָן דער דאָקטאָר — אַז עס איז בלויז דאָס וואָס מען רופט אין מעדיצין אַ פאַלשע פערדייהונג, ווייל ווען דאָס וואָלט חלילה געווען אַן אָנפאַנג פון אַ ראַק, וואָלט איהר בעדאַרפט פיהלען אַ שטע־כענים און גאַסטראָ־האָפּצי־אינפלאַמאַציאָן, וואָס איז דער סימן פון אַ ראַק, צו וועלכע עס איז ניטאָ קיין רפואה ביז יעצט.

דער דאָקטאָר געהט אַוועק, און דער פּאַציענט וועלכער האָט צום מאָל אין זינען ניט געהאַט פון אַ ראַק און וועלכער האָט אויך ביז היינט ניט געוואוסט אַז די מעדיצין איז הילפלאָז צו היילען אַזאַ מכה, דער פּאַציענט פאַנגט אָן זיך צו שרעקען, ער פיהלט שטעכענעס איבעראַל וואו עס איז געפעהרליך, און ער ווערט קראַנק זעהר ערנסט. וויעדער דער ווייסער בער !

—— געהסט שפּאַציערען מיין זוהן ? — זאָגט גאַנץ ערנסט אַ פּאָטער צום יונגען סטודענט — געה בעקוק בראָדוויי און די פינפטע עוועניו. אָבער געה ניט אין די נייע מוזיק־האָלס פון —סטע סטריט וואו די פּאָרשטעלונגען זיינען ניט אַזוי אַנשטענ־דיג. מייד אויך אוים יענע קאַסקאַקע פלעצער פון טראַ־לאַ־לאַ סקווער וואו מען ווייזט פערבאָטענע קינעמאַטאָגראַפישע בילדער.

אָה, איהר מעגט זיכער זיין אַז דער זוהן געהט דירעקט אהין „בלויז אָנקוקען” וואָס זיינען דאָס פיר פּלעצער און אויב זיין פּאפּא האָט קיין טעות ניט... נו, ווי רופט איהר דאָס, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אויב ניט א ווייסער בער?

ווער קען אויסרעכענען די „ווייסע בערען” וואָס מען בע־געגענט טעגליך אויף דער פּלאַטפאָרמע, אויף דער בימה, אויף דער בערזע, אין הויז און אין גאַס, אין צייטונג און אין בוך? ווער קען אויסרעכנען דעם שאדען וואָס דיזע ווייסע בערען ברענגען אין אַלע ווינקעלאַך פון טהעטיגקייט? איך בין אי־בערציינגט אַז ווען איך זאָל בעטען די לעזער אַליין פּאַרטצו־זעצען אַזעלכע בילדער פון ווייסען בער לויט זייער אייגענע ער־פאהרונג, וואָלט דיזער בוך אין גאַנצען אָנגעפילט געוואָרען מיט ווייסע בערען.

דער וואָס האָט אויסגעטראַכט די מעשה׳לע פון ווייסען בער אין יאַפּאַן האָט געקענט די וועלט און האָט גוט שטודירט די מענשהייט.

# צוויי פאַמיליעס און איין אײַנלאַדונג

(אַ קאָמעדיע'לע פון לעבען אין דריי אַקטען).

פּערזאָנען:

מר. און מרס. פראַנטענבערג, פון הארלעם.
מר. און מרס. לאַכודראָווסקי, פון די בראָנקס.

ערשטער אַקט

ביי פראַנטענבערג'ס אין הארלעם אויף דער וועסט סייד. מר. און מרס. פראַנטענבערג האָבען אַ געשפּרעך.

מאַן: וואָס פיר אַזאַ אינטערעסאַנטען בריעף האָסטו יעצט ארויפגעטראָגען. דו לעזט עפּעס מיט אַזאַ חשק, וואָס איז דאָס?

ווייב: אָה גאָרנישט, אַן איינלאַדונג ביי די לאַכודראָוו-סקי'ס אין די בראָנקס, עפּעס אַ געבורטסטאָג-פּארטיי, ווייס איך!

מאַן: וואָס! עס וויל גאָר ניט נעהמען קיין סוף מיט זייערע שמחות און איינלאַדונגען; אָבער וואָס פיר אַ בייזעס האָב איך געטהאָן די לאַכודראָווסקים אַז זיי האָבען זיך אָבגע-לעגט אויף מיינע יאָהרען, און לאַדען אונז כסדר צו מאָהלצייטען? עס איז דאָך געווים ווידער אַ דינער, האַ?

ווייב: יאַ, עס איז אַ דינער, און מיר וועלען ווידער מוזען געהן זיך קוויקען מיט זייערע הארציגע געריכטען.

מאַן : פאַרוואָס עפּעס מוזען ? איך געה מעהר ניט עסען דאָרט וואו איך קרענק אוים. וואָס זיי האָבען דאָן דערלאַנגט אויפ'ן טיש האָט קיין שום טעם ניט געהאַט. איך וואָלט זיך געוואונשען צו זיצען ביים טיש אין הכנסת אורחים אָדער אין די כשר'ע פאָלקס־קיך.

ווייב : וואָס דען ערוואַרטעסטו צו געפינען ביי די לאַ־ בודראַוווסקים אויפ'ן טיש ? אזעלכע קאַרגע חזירים ווי זיי מוז מען זוכען. זיי קויפען געוויס איין פאַר'ן הויז לויטער מציאות, פערלעגענע סחורה.

מאַן : ווי געפעלט דיר אונזער בעקאַנטשאַפט ? איך וויים אסור ווי מיר קומען צו זיי, און וועלכע מחותנים מיר זיינען אין גאַנצען.

ווייב : דו רופסט עס בעקאַנטשאַפט. ד ווייסט דאָך אז מיר זיינען כלומרשט בעקאַנט געוואָרען דורך א סיבה לעצטען זומער אין די קעטסקילס. וואָס קען מען טהאָן ? מען פאָהרט ארוים כאַפּען עפּעס לופט, און צום סוף מאַכט מען דאָרט בע־ קאַנטשאַפט מיט אַלערליי חיות פון וועלכע מען קען זיך ניט ארויסדרעהען. זיי לאַדען דיר, דו לאַדסט זיי צוריק, און עס איז גאָר ניטאָ קיין וועג ווי זיך אָבצורייסען פון די האָלעדריגלעס.

מאַן : אָבער וואָס צווינגט אונז צו געהן עסען ? מאַלע וואָס מען לאַדעט ! איז ניט א סברה אז מיר זאָלען טאַקי ניט געהן ?

ווייב : מען קען דאָך קיין חזיר ניט זיין. פאָלג מיר און לאָמיר ענטפערען אז מיר נעהמען אָן זייער איינלאַדונג. איב־ ריגענס, עס איז נאָך דריי וואָכען צייט און ביז דאַן — — —

—מאַן : אריינפאַלען ביי די לאַבודראַוווסקים אין מויל לוינט אויך ניט : מיר זיינען אריינגעפאַלען.

ווייב : אזוי פאַלט מען אריין. זיי האָבען אונז צוערשט

געלאַדען צו דינער מיט פיער מאָנאַט צוריק, אַ דינער וואָס מיר ביידע האָבען געהאַט צו געדענקען — און מיר האָבען זיי אָב־געגעבען אַ גוטען דינער. נו, יעצט לאַדען זיי אונז ווידער צו אַ דינער. אום מיר זאָלען זיי ווידער אָבצאָהלען מיט אַ דינער ערשטע קלאַסע.

מאַן : וואָס דענקסטו אַלזאָ צו טהאָן ? מיר נעהמען אָן די איינלאַדונג ? ענטפער זיי אַז מיר קומען.

ווייב : אָט שרייב איך שוין צו די לאַכודראַווסקים אַ שעהנעם בריעוועלע. הער ווי איך שרייב עס :

„מר. און מרס. פראַנטענבערג דאַנקען הערצליך אייך, פריינדע מר. און מרס. לאַכודראַווסקי, פיר אייער איידעלע איינלאַדונג ביי אייך צום טיש. און עס פרעהט אונז אייך צו לאָזען וויסען אַז מיר וועלען געוויס זיין אין דער בעשטימטער צייט אום צו פערשטאַרקען נאָך מעהר אונזער ריינע פריינדשאַפט".

מאַן : ווי דו קענסט אויסוועניג דיזען נוסח, דאָס איז דאָך פון אַ געדרוקטען ביכעל. נו, גיב עס מיר, איך וועל עס אריינוואַרפען אין בריעף־קאַסטען.

---

## צווייטער אקט

ביי די לאַכודראַווסקים אין די בראָנקס. מר. און מרס. לאַכודראַווסקי האָבען אַ געשפּרעך.

מאַן : דאָ האָב איך צווישען די היינטיגע בריעפע נאָך אַ

בריוועלע אז מען האט אנגענומען אונזער איינלאדונג פאר'ן 3טען. דער ענטפער איז פון די פראנטענבערגס.

וווייב: אבי איך האב געמיינט אז זיי וועלען האבען געגוג שכל זיך צו ענטשולדיגען, איך קען זיי ניט אנזעהן, עפעס אזעלכע פרעסער, געה זיץ מיט אזעלכע גראביאנעס ביים טיש. זי פרעסט גאר ווי א פערד.

מאן: אבער פארוואס האסטו זיי געשיקט אן איינלא־דונג? דער אונגליק מיט דיר איז וואס דו קאכסט זיך צופיעל מיט נייע בעקאנטשאפט, נאך בפרט אזעלכע מענשען ווי די פראנטענבערגס וועלכע ריידען נור פון זייער רייכטהום, פון זייע־רע דיענסטען, זייערע גליקען און פון זייער גרויסקייט.

וווייב: ער איז נאך ווי־עס־איז, אבער זי! אי איז דאס א כלב'טע, דאס האלט נור אין איין שטופען אין צורה. זי מוז שוין אפשר וועגען 250 פונט. אז מעהר ווי פרעסען און נאשען ווייס עם ניט. היינט איהר אריינשטעקען איבעראל די נאז — אין די קאט־גלאז, אין ביורא, אלעס וויל זי וויסען, אלעס איז איהר באבעם דאגה.

מאן: איך ווייס אסור ניט וואס דיר האט אזוי גערופעט זיי צו שיקען אן איינלאדונג? האסט געמיינט זיי וועלען זיך ענטשולדיגען און ניט קומען, נו, האסטו שלעכט געמיינט.

וווייב: ניש־קשה, מיר וועלען זיך אברעכענען מיט זיי ביי אן אנדער געלעגענהייט. פאראן מענשען וועלכע זיצען נור אוןווארטען אויף א שטיקעל איינלאדונג, אבי געהן פרעסען ביי יענעם. ניט אמת?

---

## ד ר י ט ע ר  א ק ט

מיט דריי וואָכען שפּעטער ביי די לאַכודראַוואָסקיס אין הויז, אין די בראָנקס. עס קומען אַלע ווײַלע נייע געסט. עס קומען אויך אַריין מר. און מרס. פראַנטענבערג. ביידע פרויען צוקושען זיך.

מרס. לאַכודראַוואָסקי : סקאָציל קומט ! וואָס מאַכט איהר, טהייערע פריינדין מרס. פראַנטענבערג ? וואָס מאַכט איהר, הערר פראַנטענבערג ? מיין פרייד איז אונבעשרייבליך וואָס איך זעה אייך צווישען מיינע געסט. ווי שעהן איהר זעהט אויס, מאַדאַם, אָהן עין־הרע ? איהר ווערט גאָר אינגער, עס פרעהט מיך.

מרס. פראַנטענבערג : גלויבט מיר אַז איך און מיין מאַן פיהלען זיך אמת גליקליך און שטאָלץ צו קומען ביי אייערע איינלאַדונגען. קיין שלעכט וועטער אויף דער וועלט וואָלט אונז ניט געקענט אָבהאַלטען פון צו קומען ביי די בעסטע פריינדע וואָס מיר האָבען... אָבער, אונבעשריען, איהר שיינט ווי אַ בלום אין מאַי.

מרס. לאַכודראַוואָסקי : קומט, איך וועל אייך ווייזען אונזער נייע פּיאַנאָ וואָס מיין מאַן האָט געקויפט פיר טויזענד דאָלער.

מרס. פראַנטענבערג : גוט וואָס איהר האָט מיך דער־מאָנט : אויך מיר וועלען מוזען קויפען אַ צווייטע פּיאַנאָ פיר אונזער נייע זומער וואָהנונג וואָס מיר בויען אין ראָקאָוויי פיר 36 טויזענד דאָלער.

מרס. לאַכודראַוואָסקי : איך בין אַזוי פאַלל פרייד וואָס איהר זייט געקומען.

מרס. פראַנטענבערג : מען זאָל נור געהן צו שמחות.

# מענדל פערד
(בורלעסקע ערצעהלונג).

ערשטער קאפיטעל

## דער גלגול אין פאָדקאָוועס.

— איך פערשטעה אייך ניט, דבורה, מיט וועמען האָט איהר ערשט גערעדט אין שטאַל?

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, ר׳ זעליג, אז איך האָב גע־רעדט צו אַ פערד.

— צו וועמען, זאָגט איהר?

— צו אַ פערד, און לאָזט מיר צורוה.

זעליג דער איסבאָרשציק האָט אָנגעקוקט דער פרוי מיט אַ פערוואונדעטען בליק און ווייטער געפרעגט מיט אַ שמייכעל:

— איהר לאַכט פון מיר?

— עס ליעגט מיר ניט אין קאָפּ צום לאַכען — האָט דבורה ערווידערט — איך קען אייך עפּעס? איהר זיינט פערפאָהרען ביי מיר אין קרעטשמע היינט ווי צעהנדליג אַנדערע פאָהרען דאָ דורך יעדע וואָך און איך פערשטעה ניט, וואָרום איהר האַלט מיר פאַר אַ משוגע׳נע, איך זאָג אייך אַלזאָ נאָך אַ מאָל, ר׳ זעליג,

אז איך האָב ערשט געוועט צו אַ פערד, דאָס הייסט מיט מיין מאַן דעם פערד, מיט מיין מאַן, מענדעל.

— אָט אַזוי — האָט דער פרעמדער איהר אונטערבראָכען — אַ מאַן אַ פערד איז שוין עפּעס דייטליכער.

— איהר דאַרפט וויסען — האָט דבורה ווייטער געזאָגט — אַז מיין מאַן איז געשטאָרבען. שטאַרק בענקען נאָך איהם, בענק איך ניט, וואָרום אַזאַ מאַן ווי מענדעל איז געווען... נור זאָל ער ליגען אין זיין רוה. איך האָב פיינט צו ריידען אויף טויטע. איך וויל אייך נאָר אויף אַזוי פיעל דערציילען,. זייט מיר האָבען אָנגענומען די פּאָסט אין מאַזייק, האָבען מיר פערדיענט שעהנע עטליכע רובעל. פערגעסט ניט אַז מאַזייק איז דער בעסטער פּלאַץ אין קאָוונער גובערניע צו האַלטען די פּאָסט. דאָ קומען אַלע טאָג סוחרים פון טעלז, פון פּלונגיאַן, און ניטאָ דער טאָג ווען מען דאַרף ניט אָבפיהרען אַ פּאַריץ צום באַהן. מיר האָבען גוטע פערד און אַ שעהנע קרעטשמע דערצו.

דאָס אַלעס אינטערעסירט מיר יעצט ניט — האָט דער דורכרייזענדער איבערגעהאַקט איהר געשפּרעך — וואָס איך וויל יעצט וויסען איז וועגען געשפּרעך מיט אייער פערדישען מאַן.

— איך מוז אייך דערציילען בסדר, ר׳ זעליג, — האָט דבורה פאָרטגעזעצט — און איך בין שוין סאַי־ווי־סאַי אָנגעקומען צו דאָס וואָס איהר ווילט וויסען. צווישען אונזערע פערד געפינט זיך אַ שימעל מיט׳ן נאָמען „יאָקים־בעמבע”, אַ פערד אַ מאדים, פליהט ווי אַן אָדלער. אַלעס איז ביי אונז געגאַנגען ווי געשמירט, ווען מיין מאַן מענדיל האָט זיך פּלוצלונג גענומען צום שיכור׳ען. ער האָט פערנאַכלעסיגט די פערד, פערטריבען אורחים און פּריצים. מיט אַ וואָך צוריק איז ער פּלוצלונג קראַנק

געוואָרען. איך האָב געוואָלט שיקען אין טעלז נאָך א דאָקטאָר. אָבער מענדעל האָט מיר ערקלעהרט אז מען דארף ניט.

— וואָס טויג מיר א דאָקטאָר ? — האָט ער געמורמעלט — איך ווייס אז איך מוז היינט שטארבען און מיין נשמה וועט מגולגל ווערען אין אונזער יאָקים־בעמבע.

באַלד ווי ער האָט עס אָבגעזאָגט, האָט ער געפיהלט ערגער, ער האָט זיך אומגעקעהרט צום וואנד און איז געשטאָרבען.

— איז ווער געווען דערביי ווען ער איז געשטאָרבען ? — האָט דער פרעמדער געפרעגט.

— יאָסקע שמייסער, אונזער פורמאַן — האָט דבורה גע־ענטפערט — און אזוי ווי אין מאזייק איז ניטאָ קיין אידישער בית עולם, האָט יאָסקע אָבגעפיהרט דעם טויטען אין אנדרעיאַ־ווע, וואו עס געפינען זיך צוויי מנינים אידען מיט א קליינעם בית עולם.

— פאַרוואָס האָט איהר דעם בר־מנן ניט געשיקט אין טעלז ? — האָט זעליג געפרעגט.

— ווייל יאָסקע האָט געזאָגט, אז דאָרט וועט די חברה קדישא פון מיר רייסען די הויט.

— זיינט איהר געווען ביי אייער מאַן'ס לויה ?

— ניין, איך האָב קיין הארץ צו אזעלכע זאכען, כאָטש ער איז געווען... נור, לאָמיך בעסער שווייגען.

— האָט איהר אימעצען דערצעהלט דעם סוד וואָס אייער מאַן האָט אייך פערטרויט אז ער וועט מגולגל ווערען אין יאָקים־בעמבע ?

— חס וחלילה, עס איז דאָך אזא שאנדע ! נור, אויף מאָרגען ווען איך בין אריין אין שטאַל און איך האָב אָנגעקוקט יאָקים בעמבע מיט א רחמנות פנים, האָט ער פלוצלונג צו מיר געזאָגט : „גוט מאָרגען, דבורה !“

— ווער, ער ?

— דער פערד יאָקים בעמבע.

זעליג דער איסבאַרשציק האָט געטהון אַ שמייכעל און האָט פערדרויכט אַ פּאַפּיראָס.

— האָט איהר עס ווירקליך געהערט ? — האָט זעליג גע־פרעגט.

— זאָל איך אַזוי הערען שופר של משיח. נאָך מעהר, איך האָב דערקענט מענדעל'ס קול. איך בין געבליבען אין חלשות פון שרעק און יאָסקע מיט'ן גוי האָבען מיר אַריינגעטראָגען אין הויז. היינט פריה האָב איך געפונען אויף מיין קישען אַ צעטעלע, מיין מאַן'ס האַנדשריפט. אין צעטעלע איז געשטאַנען : „דבורה, קום באַלד אין שטאַל".

— זיינט איהר געגאַנגען ?

— געוויס בין איך געגאַנגען, און הלואי וואָלט איך בעסער ניט געגאַנגען אין שטאַל. ער האָט מיר געהייסען זיך געזעגענען מיט מיין לעבען.

— כדי איהר זאָלט זוכה זיין צו רוהען מיט איהם צוזאַמען אין בוזים פון יאָקים בעמבע ?

ניין, ניט דאָס. ער האָט מיר ניט געהייסען זיך מאַכען דעם טויט, נור ער האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל מאַכען אַ תל פון אַלעם ! דאָס איז דאָך די זעלבע זאַך ווי שטאַרבען. ער האָט מיר געבעטען איך זאָל אָבשיקען גאָר די פערד און 500 רובעל געלד צו זיינעם אַ שוואָגער אין שילעל.

זעליג האָט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל.

— איהר ווילט מיר איינריידען אַז יאָקים בעמבע האָט דאָס אַלעס געזאָגט ?

— זאָל מיר אַזוי גאָט העלפען! נאָך מעהר, ער האָט מיר אויך געזאָגט אַז ווען איך וועל ניט טהאָן זיין רצון, וועט ער מיר מאַטערען ביי טאָג און ווערגען ביי נאַכט.

— זאָגט מיר אָקאָרשט, דבורה, איז דאָס ניט אייער איינ־בילדונג וואָס מאַכט אייך גלויבען...

— אַי זעהט לאָזט מיר צורוה—האָט די פערדישע אלמנה איהם אונטערבראָכען — איך ווייס ניט וואָס איינבילדונג איז. אויב איהר גלויבט מיר ניט, טהוט ווי איהר פערשטעהט, איך מאָהן עפּעס פון אייך?

זעליג, וועלכער איז געוועזן אַ קלוגער אידעל, אַ דורכגעטרי־בענער ליטוואַק פון זשאַגער, איז באַלד געגאַנגען צום שטאַל. די טיהר איז געשטאַנען אָפען און יאָסקע דער משרת האָט זיך ארומגעדרעהט.

— זיינט איהר דבורה׳ס פוהרמאַן? — האָט ער געפרעגט דעם משרת.

— יאַ.

— ווייזט מיר, וועלכער פערד איז יאָקים־בעמבע?

ער האָט איהם אָנגעצייגט אַ גרויסען שימעל וואָס איז גע־שטאַנען ביי דער קאָרעטע מיט נאָך אַנדערע פערד. זעליג דער איזבאָרשציק איז צוגעגאַנגען צום פיער־פיסיגען תכשיט, האָט איהם געגעבען אַ פּאַטש אין האַלז און האָט איהם געפרעגט:

— זיינט איהר דער בעוואוסטער פערד יאָקים־בעמבע?

— עס איז ניט דיין טאַטענ׳ס עסק — האָט דער גלגול אין פּאָדקאָוועס געענטפערט מיט אַ פערדישען ברוגז.

---

## צווייטער קאפּיטעל

# אַ בריק איז קיין פּאַטש.

— אַזוי גאָר, דו ביסט אי אַ פערד, און אי אַ חצוף! האָט זעליג ערווידערט — איך מוז דיר זאָגען וואָס איך דענק פון דיר. ערשטענס דערפסטו וויסען אַז דו ביסט ניט קיין פּארשוין. דיינע לאַנגע פיס, דיין אויסגעבויגענע האַלז, דיין איינגעפּאַלע־נער רוקען און דיין סנוק — דאָס אַלעס וואָס דו האָסט, פּאַסט זיך בעסער פאר אַ פערדיל צו שלעפּען אַ בויד פון אַ מוכר ספרים, אָבער ניט פאר אַ פּאַטשטאָווען פערד. אַ שעהנער פּאַטשטאָווער פערד ביסטו! דו זעהסט יעצט אויס ווי אַ קאַטץ ארויסגע־שלעפּט פון זויער־מילך. אַ קלאָג צו מענדלען אַז ער האָט זיך אויסגעקליבען פאר זיין נשמה אַזאַ וואָהנונג ווי ביי דיר אין טרעמבע.

יאָקים בעמבע האָט מעהר ניט געוואָרט.

— אוועק פון דאַנען, רעקרוטען־כאַפּער — האָט ער גע־זאָגט.

זעליג האָט זיך יעצטיגען מאָל שטארק דערשראָקען, און האָט זיך צוריק געצויגען צום וואַנד, ווייל עס האָט אויסגעזעהן ווי די שטימע קומט ווירקליך פון פערד.

— עס וואונדערט מיר שוין מעהר ניט וואָרום די פּרוי איז אַזוי פערטומעלט — האָט ער געטראַכט — עס איז קיין חדוש, דען די שטיק איז דאָ צופיעל קינסטליך אָבגעאַרבייט.

זעליג האָט גענומען זוכען אונטער'ן פערד, ביי די זייטען, אין קאָרעטע און אין אַלע ווינקעלאַך אום עפּעס אויסצוגעפינען וועגען דעם שליסעל פון פערדישען רעטענים. אָבער אַזוי ווי ער

האָט קיין זאַך ניט געפונען, האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען קוקען אויף דער בהמה.

— רעקרוטען־האפּער ! קהל'שע באַנדע ! געה גיב אָב א בן יחיד !

דיזער פערדישער קאָמפּלימענט האָט דעם איסבאָרשציק זעהר ווניג געשמעקט. אויך דיזעס מאָל האָט אויסגעזעהן ווי די שטימע קומט פון יאָקים בעמבע.

— אבי איך האָב געמיינט אז די פרוי פאַנטאַזירט — האָט זעליג געזאָגט צו זיך אליין — ווי איך זעה, איז דיזע שטיקעל אָבגעאַרבייט זעהר ממזר'יש, און איך וועל שוין פון מאַזייק ניט אוועקפאָהרען ביז איך וועל ניט אויסגעפינען וואָס דאָ טהוט זיך.

אין דער צייט ווען דער זשאַגערער איסבאָרשציק האָט אזוי פאַנטאַזירט מיט זיך אליין, האָט דאָס פערד ווייטער גערעדט.

— דו מיינסט איך בין א מענש, דו וועסט מיר אָבגעבען פיר א רעקרוט ? געה צום פריאָם גיב אָב יתומים, דו האָסט דאָ ניט וואָס צו טהאָן.

— איך וועל דיר ווייזען ווי א פערד האָט א גרויסע מויל — האָט זעליג געזאָגט נאָכדעם ווי יאָקים בעמבע איז שטיל געוואָרען.

אָבער, דער גלגול אין פאָדקאָוועס האָט געשוויגען שטיל ווי א בית עולם. זעליג האָט זיך מיהע געגעבען צו בעליידיגען דעם פערד מיט אלערליי פסוקי דזמרה, נור דער פערד האָט מעהר קיין וואָרט געזאָגט.

— ווי באַלד אז דער פערד גיט מעהר קיין לשון — האָט זעליג געזאָגט — וועל איך ארויסגעהן פון שטאַל. אָבער מיר דוכט זיך אז יאָסקע שמייסער האָט דאָ א גרויסען חלק אין דיזען רע־טענים, און ער ווייס געוויס פון סוד.

דער זשאַגערער האָט זיך אומגעקעהרט אין קרעטשמע עסען

מיטאג. ער האָט בעמערקט צום ערשטען מאָל אויפ'ן וואנד אַ בילד איינגעפאַסט אין אַ ראַהם. דאָס בילד האָט פאַרגעשטעלט אַ מאַן מיט אַ בערדיל און מיט אַ יארמולקע ווי ער שטעהט די האנד אָנגעשפאַרט אָן אַ טיש. זעליג האָט געפרעגט די דיענסט ווער דאָס איז.

— דאָס איז דער בעל הבית עליו השלום, דבורה'ס מאַן— האָט זי ערווידערט—ווען ער איז געוועזן, אייך צו לאַנגע יאָהר אין מעמעל האָט ער זיך געלאָזט אראָבנעהמען אַ טוץ קליינע בילדער, און מען האָט איהם צוגעלעגט מאַגאַריץ דיזע גרויסע בילד. זעהט ווי שעהן ער איז: די האָאָר בלאָנד, די אויגען שוואַרץ, די ליפּען רויט. די דייטשען זיינען טאַקי חכמים וואָס זיי קענען מאַכען אַזעלכע שעהנע בילדער פּונקט ווי לעבעדיג. אָבער, איך קען ניט קוקען דאַרויף.

— פאַרוואָס ? — האָט זעליג געפרעגט דער דיענסט אום איהר איבערצושלאָגען.

— יעדעס מאָל ווען איך גיב אַ קוק אויף דיזעס ביל̇ד, דוכט זיך מיר אַז דער בעל הבית וויל אַרויסשפּרינגען פון פאַרטרעט אויפ'ן טיש.

— איז ער געוועזן גרויס-געוויקסיג ?

— ניין, אַ קליינינקער מאַנעלע, אַ'ברעקיל, ער האָט דער־גרייכט דבורה'ן ביז אונטערן פּלייצע.

דאָס פאָטאָגראַפישע בילד אין קאָלירען איז געוועזן אין דער אמת ניט גוט אויסגעאַרבייט. אָבער דאָך האָט מען געקענט זעהן אויף דיזעס בילד אַז מענדיל איז ניט געוועזן קיין שלעכטער, נור אַ וויטצלינג, אַ ביטערער יונג מיט שאַרפע אויגען.

זעליג האָט זיך אַביסעל דורכגערעדט מיט דער דיענסט וועלכע האָט אימער געענטפערט צעהן מאָל אַזוי פיעל וואָס מען האָט איהר געפרעגט. געגען אָבענדס האָט ער אויך געהאַט אַ

לאנגען געשפּרעך מיט דבורה׳ן, און ער האָט איהר פערשפּראָכען אז ער וועט איהר ארויסהעלפען פון די יעצטיגע נויט ווי ווייט ער קען.

געגען אבענד האָט זעליג ווידער געמאכט א בעזוך אין שטאָל, אָבער דער גאַנג איז געווען אומזיסט. יאָקים בעמבע האָט שוין געשוויגען.

עס איז געווען ארום עלף אוהר אין דער נאכט, זעליג האָט זיך נור וואָס געלייגט אין אַלקער וואו מען האָט איהם אויסגעבעט, מיט אמאָל ער הערט מען גראבעלט זיך ביי זיין טיהר. ער האָט ארויפגעכאפּט א ראָק, ער איז צוגעלאָפען צום טיהר און ער איז איבערראשט געוואָרען צו זעהן ווי דבורה שטעהט האלב־נאַקעט מיט א ליכט אין האנד און ציטערט.

— וואָס איז שוין ווידער ? — האָט זעליג געפרעגט.אויפ־געריגט.

— אָי האָט ער מיר ערשט גענעבען א פּאַטש.

— ווער, דער פערד ?

— יא ער, איך מיין יאָקום בעמבע.

— טאָ וואָס זאָגט איהר א פּאַטש ? זאָגט בעסער א בריק.

— אָי וועה איז מיר, איך קען ניט זאָגען א „בריק". ער איז דאָך מיין פערדישער מאַן עליו השלום, וועה.איז מיר.

---

## דריטעם קאַפּיטעל

## לעבעדיגער גנב, אָדער טויטער ישובניק.

זעליג האָט אָנגעקוקט די פרוי וועלכע האָט געציטערט אין איהר יעדעם אבר, און ער האָט קיינע ווערטער געפונען. ער האָט

ביי זיך געפיהלט אז זיין קליין־שטעדטעלדיגע חכמה קען שוין לענגער ניט אויסהאלטען, און ער אליין פאנגט אויך אן מורא האבען פאר'ן פערדישען גלגול.

— וואס טהוט זיך דא — האט ער דיזע וויילע געמור־מעלט צו זיך אליין — איך האב אליין געהערט ווי יאקים בעמבע רעדט. איך האב ארומגעזוכט אלע ווינקעלאך אין שטאל, און איך האב קיין שפור פון א מענש'ן געפונען. עס ווילט זיך מיר טאקי ניט גלויבען אין א פערדישען מענדיל. אבער איך קען נאך ווענינער גלויבען אז אין אזא זשאמעטער קרעטשמע זאל א אידעל קענען אבארבייטען אזא שפיטצ'ל. עפעס שטעקט דא א רעטענים.

— איך פערשטעה ניט, דבורה — האט זעליג זיך געווענ־דעט צו דער פרוי וואס האט געווארט אויף זיין הילף — ווי קומט איהר ביי נאכט אין שטאל?

— איך בין אין שטאל ניט געוועזן.

— טא ווי אזוי האט איהר געזעהן דעם פערד?

— איך האב יאקים בעמבע'ן ניט געזעהן.

— אבער זיין בריק, איך מיין זיין פאטש האט איהר דאך געפיהלט.

— ניין, ר' זעליג, איך בין אין שטאל ניט געוועזן און איך האב קיין פערד געזעהן. נור מיין מענדיל, וועה איז מיר, איז גע־קומען צו מיר אין צימער.

— אהן פאדקאוועס?

— מיין מענדיל אויף צוויי פיס, פונקט ווי ער האט אויס־געזעהן איידער ער איז מגולגל געווארען אין שימעל.

פארוואס האט ער אייך געפאטשט, דער שכור?

— ער האט מיר געפרעגט אויב איך האב שוין אבגעשיקט די פערד און דאס געלד צו זיין שוואגער אין שילעל. איך האב איהם געזאגט אז אלס א טויטער וואס ער איז, דארף ער דאך

אליין וויסען אז ניין. ער האָט מיר געגעבען אַ פּאַטש און מיר געוואָרענט אַז אין פאַל ווען איך וועל ניט טהאָן ביז מאָרגען וואָס ער פערלאַנגט, וועט ער מאַכען מיט מיר קורץ און שאַרף. זעהט, ליבער ר׳ זעליג, העלפט מיר. וואָס זאָל איך טהאָן?

— איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, דבורה, מיר דוכט זיך אַז דאָ געהט פאָר אַ גאַנצער שווינדעל פון אַ חברה וואָס וויל פון אייך בערויבען די פערד און דאָס געלד. קענט איהר גוט אייער משרת?

— יאַסקע שמייסער? ער איז אַ גראָבער יונג און אַ ליג־נער — האָט זי געענטפּערט.

— גלויבט איהר אַז דיזער תכשיט איז אין שטאַנד אייך צו בערויבען?

— און ווען האָט ער פון מיר ניט גערויבט? ער איז אַ געניטער גנב, אָבער, וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט מיין טויטען מענדיל?

— דאָס וויים איך נאָך אַליין אויך ניט פאָרלויפיג — האָט זעליג איהר ערקלעהרט—נור עס איז קיין צווייפעל אַז דער גלגול איז אַ באָבע מעשה. דער רוח וועמען איהר האָט אַ ווייליע פריה־ער געזעהן איז געווים אַ לעבעדיגער גנב, קיין טויטער ישובניק. געהט שלאָפען. קומט איך וועל אייך צופיהרען אין קאַמער וואו אייער דיענסט שלאָפט.

— אָבער, ער —

— האָט קיין מורא ניט, דבורה, אַ צווייטען מאָל וועט דער מת ניט קומען היינטיגע נאַכט צו אייך.

דער איזבאַרשציק האָט איהר אָבגעפיהרט צו דער דיענסט, און האָט זיך צוריק געקעהרט אין זיין צימער ענדיגען דעם שלאָף. ער האָט אָבער ניט געקענט שלאָפען, ער האָט זיך געקעהרט אויף אַלע זייטען און האָט קיין אויג ניט געקענט צו טהון. דבורה׳ס

אונערוואַרטעטער בעזוך האָט אין גאַנצען זיין שלאָף בערויבט. דער פערד מיט זיין מענה לשון, די זלזולים פון אַ פיער־פיסיגע בהמה און די שרעק פון אַ פערדישע אלמנה — דאָס אַלעס האָט אַרומגעטאַנצט אין זיין איינבילדונג און עס האָט זיך איהם אָב־געדוכט אַז וואו נאָר ער קוקט אין צימער זעהט ער אַ גרויסען יאָקים בעמבע.

אונגעפעהר צוואַנציג מינוטען זיינען פאַראיבער זייט דבורה איז אַרויסגעגאַנגען. זעליג איז געלעגען אויף דער לינקער זייט, מיט זיין געזיכט צום טיהר און ער האָט געקוקט. מיט אַמאָל עס הערט זיך ווידער אַ גראַבעל ביים טיהר פון זיין צימער.

— אַלע מיינע בייזע חלומות זאָלען אויסגעהן צו אַזאַ קרעטשמע און צו אַזאַ פּאַטשטערקע — האָט דער זשאַגערער גע־מורמעלט צו זיך אַליין און ער איז געגאַנגען עפענען.

אָבער ווי נור ער האָט די טיהר געעפענט, האָט זיך אַריינ־געדרעהט אויף גיך אַ מאַן פון קליינעם געוואוקס, כמעט אַ מענ־שעלע, און האָט זיך געשטעלט פון דער אַנדער זייט טיש, פּונקט ווי איינער וואָס וויל זיך בעוואָרענען ער זאָל ניט כאַפּען קלעפּ.

זעליג האָט זיך געגוג געשראָקען, נור ער האָט זיך גע־טרייסט וואָס זיין בעזוכער איז אַקליין מענשעלע. וואָס קען אַזאַ בריאה איהם טהאָן בייזעס ווען ער זאָל אפילו וועלען ? אָבער דער איסבאָרשציק האָט זיך ניט געקענט דערמאָהנען אַזוי גיך וואו ער האָט דיזען פויגעל געזעהן. אַז ער האָט איהם שוין איין מאָל געזעהן, דאָס איז ער געוועזן זיכער. אָבער וואו ? זעליג האָט זיך דערמאָנט ! דיזער קליינער נפש זעהט דאָך אויס אַקו־ראַט ווי יענער וועמען ער האָט געזעהן אויפ׳ן בילד. דער מאַן וועלכער — — —

דאָס קליין מענשעלע האָט אַראָבגענומען זיין היטעל און איז געבליבען שטעהן אין יאַרמולקע. יעצט האָט זעליג איהם שוין

גוט דערקענט אז דאָס איז מענדעל אַליין, דבורה׳ס מאַן, דער פערדישער גלגול. סיידען דאָס איז אַ פרעמדער וואָס זעהט אוים עהנליך צו דעם טויטען מענדיל פון בילד ! זעליג האָט זיך דער־מאָהנט די ווערטער פון דער דיענסט אז זי האָט מורא צו קוקען אויף דיזעס בילד אויפ׳ן וואַנד, ווייל עס זעהט אוים ווי מענדיל וויל אַראָבשפּרינגען פון וואַנד אויפ׳ן טיש.

— ווער זיינט איהר און וואָס ווילט איהר ? — האָט זע־ליג געפרעגט דעם פרעמדען וואָס האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויפ׳ן באַלקען.

— איך האָב מיט אייך וואָס צו ריידען, ר׳ זעליג — האָט דער געהיימניספאָלער בעזוכער געענטפערט.

זיין שטימע האָט געקלונגען פּונקט ווי דער קול פון יאָקים בעמבע.

---

## פיערטער קאַפּיטעל

## דער קליינער בר־מנן אין יאַרמולקע

זעליג האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין געלעגער און האָט בעטראַכט נאָך אַמאָל דיזען אורח וואָס שטעהט פון יענער זייט טיש אַ ביסעל אַריבערגעבויגען פּונקט ווי אויפ׳ן בילד. אין צי־מער איז געווען גענוג דונקעל, דען דאָס נאַכט־לעמפּיל האָט זיך פערלאָשען באַלד ווי דער פרעמדער האָט זיך בעוויזען. עס האָט נור אָבגעשיינט עפּעס ליכטיגקייט פון פענסטער.

— זאָל איך געבען אַ שפּרונג און כאַפּען דעם פויגעל פאַר׳ן

קאָלנער, אָדער איהם אויסהערען וואָס ער וויל? — האָט זעליג זיך געשלאָגען מיט דער דעה. און עס איז ביי איהם געבליבען ער זאָל הערען וואָס דער קליינער בר־מנן אין דער יאַרמולקע האָט צו זאָגען.

— איהר ווילט מיט מיר עפּעס ריידען? — האָט דער איסבאַרשציק אָנגעפאַנגען — אדרבא לאָמיך הערען.

— איך ראַטה אייך אַלס גוטער פריינד, ר׳ זעליג, איהר זאָלט אייך ניט מישען אין פרעמדע עסקים. געהט אייך פון וואַנען איהר זייט געקומען.

זעליג האָט זיך באַלד איבערציינגט אַז דער וואָס רעדט צו איהם איז ניט קיין „ביינאַכטיגער", קיין שד, קיין גלגול, קיין מת און קיין נשמה פון יענער וועלט. ער האָט איהם אַלזאָ באַלד ער־ווידערט:

— איהר הייסט מיר אָוועקפאָהרען און איהר רופט מיר „גוטער פריינד", איהר זיינט אַ גאַנץ שעהנער מענש, חלעבען.

דיזער ענטפער האָט אָבער אונזער קליין מענשעלע ניט גע־שמעקט, דען ער האָט איהם דאָך בעוויזען אַז דער איסבאַרשציק האָט פיר איהם קיין מורא ניט.

— ווייסט איהר ווער איך בין? — האָט דער קליינער ווידער געפרעגט.

— פּטור נו, פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסען?

— איהר מיינט געוויס אַז איך בין אַ לעבעדיגער מענש?

— חס וחלילה, איך הייב עס גאָר ניט אָן צו מיינען!

— גוט, ווי באַלד אַז איהר שטויסט זיך אָן וועד עס רעדט יעצט צו אייך, זאָלט איהר אויסהערען וואָס איך זאָג אייך.

— וואָס זאָגט איהר, ר׳ טויטער? איך האָב שוין פער־געסען.

— איך זאָג אייך, ר׳ זעליג, איהר זאָלט באַלד פערלאָזען מאַזייק, ווארום ווען ניט, וועט איהר חרטה האָבען.

— און איך זאָג אייך, האָכגעשעצטער בר־מנן, אז איך וועל קיין חרטה האָבען פאַרוואָס איך פערבלייב דאָ איייניגע טעג לענ־גער. אדרבא, איך האַלט אין איין קלייבען נחת פון אייער אַנגע־נעהמע בעקאַנטשאַפט.

— אַזוי גאָר, דו לאַכסט פון מיר ! האָט דער קליינער אויסגעשריען געבענדיג א קלאַפּ אין טיש — דו לאַכסט פון מיר, דו קהל׳שער בייטעל־שניידער, דו —

איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט צו ענדיגען זיינע קאָמ־פּלימענטען, האָט זעליג געגעבען א שפּרונג פון בעט כאַפּען דעם העכט פאַר׳ן קאָלנער. אָבער דבורה׳ס מאַן איז פערשוואונדען ווי אונטער די הענד און זעליג האָט געגעבען א כאַפּ די לופט.

— ווארט דו בראָדעוועקע אין יאַרמולקע ! — האָט דער זשאַגערער אויסגעשריען — איך וועל דיר באַלד געפינען און דו וועסט זיך שוין פון מיינע הענד היינט ניט אַרויסדרעהען.

ביי דיזע ווערטער האָט ער פערשלאָסען די טיהר פון זיין צימער, האָט אַנגעצונדען דאָס לעמפּיל און האָט געזוכט אַלע ווינקעלאָך — אָבער ניטאָ ! דאָס קליין נפש׳ל איז ווי אין דער ערד אַריין ! ער האָט אפילו ניט געפונען א שטיקעל שפּור דורך וואָנען דער פרעמדער האָט זיך דאָ אַרויסגעדרעהט.

ער האָט זיך ווידער געלעגט אין בעט, אָבער שלאָפען האָט ער ניט געקענט. ער האָט זיך געקייקעלט אויפ׳ן געלעגער ביז עס איז געוואָרען גוט ליכטיג. ער האָט זיך דערמאָהנט פון זיין ביי־נאַכטיגע בעגעגנים און ער האָט ניט געוואוסט אויב ער זאָל לאַכען אָדער ער ווייסט אַליין ניט וואָס.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער געזוכט אויסצומיידען

דבורה׳ן א גאנצען פארמיטאָג. ער איז הינגעגאנגען אין דאָרף וועגען זיינע געשעפטען.

די זשאמעטער פויערים פון מאזייק זיינען פריינדליכע מענשען פון דער נאטור, און זיי ווייזען עס ביז אין זייער אַלטע פערגרייזטע ליטווישע שפּראך וואָס מען רופט אין יענע געגענד „זאַמאיטעסקע". זעליג איז הינגעגאנגען צו א בעקאנטען גוי, א געוויסער וואַלאַנצים וועלכער פלעגט איהם אָפט צושטעלען חזיר־האָאר.

— שטעהסטו אין קרעטשמע ביי דבורה׳ן ? — האָט דער גוי איהם געפרעגט.

— עס איז דאָך ניטאָ אַנדערס וואו אַריינצופאָהרען ווי ביי דבורה׳ן. האסטו געקענט איהר מאַן ?

— אויב איך האָב געקענט דיזען „זמאָגאילים דורנים" (נארישער מענשעלע) — האָט דער גוי וואלאנצים ערווידערט — געוויס האָב איך איהם נעקענט. ער איז געווען אַ גוטער מענש, אַ דימענט, נור א ביסעל ווילד, אַ וויטצלינג.

— טאָ פארוואָס רופסטו איהם „נארישער מענשעלע" ?

— ווייל ער האָט זיך געלאָזט פיהרען פון זיין ווייב פאר׳ן נאָז. זי איז דאָך אזא שלאַק, דבורה !

— אַבי איך האָב געהערט אַז מענדיל, איהר מאַן, איז געווען אַ שכור.

— מענדעל אַ שכור ? — האָט וואלאנצים אויסגעשריען — ווייסטו דען ניט, זעליג, אז „וואָסקע נע גיוועלע" (אַ ציעג איז קיין בהמה), אזא קליין מענשעלע טרינקט הארבאטע (טהעע) און ניט קיין אַרעלקע (שנאפּס). ער איז געווען אַ שטילער, רוהיגער מענש פּונקט ווי זיין דבורה איז אַ שלעכטע.

— אָבער זי האָט מיר דערצעהלט אַז איהר מאַן איז ניט

געוועזן אזא צאצקע — האָט זעליג געמורמעלט — און ער איז געוועזן — — — — —

— רייד ניט, איך קען עס ניט הערען — האָט דער גוי איהם אונטערבראָכען — מענדעל איז געוועזן א גוטער מענש און ער איז געווים אין הימעל כאָטש ער איז געוועזן א איד. איבריגענס, וועל איך דיר עפּעס דערצעהלען:

דער גוי האָט זיך צוגעבויגען צו זעליג׳ן און האָט איהם עפּעס געמורמעלט אין אויער.

זעליג האָט געגעבען א שפּרונג.

— ווי אזוי פאלסטו אוים צו זאָגען אזא זאַך? — האָט דער איד געפרעגט פערוואונדערט.

— דו מעגסט מיר גלויבען, זעליג — האָט דער גוי אויסגעשריען — אז דבורה האָט איהר מאַן ערמאָרדעט.

— עס גלויבט זיך מיר ניט אז דבורה זאָל האָבען בעגאנגען א מאָרד מיט איהרע הענד.

— אָה! ניט מיט איהרע הענד — האָט דער גוי ערווידערט לאכענדיג — זי איז אזוי דערגאנגען איהר מאַן די יאָהרען ביז ער איז געשטאָרבען פון נויט און ערגערנים, און אפשר אויך פון קלעפּ.

— פלעגט זי איהם דען שלאָגען?

— געווים, זי האָט מעהר ווי איין מאָל איהם געפּאטשט מיט א פאנטאָפעל איבער׳ן נאָז. איין מאָל ווען איך בין דערביי געוועזן, האָט זי איהם געוואָרפען א שטיוועל אין קאָפּ. וויפיעל דארף מען גאָר האָבען צו מאכען אזא מאנעלע פיר אוים „זמאַגאילים?

אין דער צייט ווען דבורה האָט בעוויינט איהרע פערד און איהר פערמעגען זיינען אריינגעלאָפען אייניגע גוים אין קרעטשמע שטארק פערסאָפעט. יעדער פון זיי האָט דערצעהלט, יעדער

האָט געמאַכט מיט די הענד און אַלע צוזאַמען האָבען גערעדט. ענדליך, איינער פון זיי, גריגאַילים דער הינקעדיגער, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט.

— מיר האָבען געזעהן מיט אונזערע אויגען — האָט ער גערונערט — ווי מענדיל איז דורכגעריטען דעם דאָרף גאַלאָפּ אויף יאָקים בעמבע. מיר האָבען זיך געצלמ׳ט און מיר זיינען אייך געקומען זאָגען.

— יאָקים בעמבע איז געריטען אויף יאָקים בעמבע — האָט זעליג געזאָגט לאַכענדיג.

דבורה׳ן האָט אָנגעפאַנגען וואַרפען צאָהן אָן צאָהן.

— ביסטו זיכער אז דאָס איז געוועזן מענדיל ? — האָט זעליג געפרעגט גריגאַלים׳ן.

— וואָס הייסט, פּאַנעלע (פּאָריץ) ! איך האָב געקענט מענדלען ווי איך קען מיינע חזירים, און איך קען דבורה׳ס פערד יאָקים בעמבע ווי איך קען אונזער גלח יורגים.

אין דער צייט פון דיזע מישעניגע זיינען אַריינגעלאָפען נאָך אייניגע גוים אין קרעטשמע מיט דעם זעלבען געוואַלד אז מענ־דיל דער טויטער פליהט גאַלאָפּ דורכ׳ן דאָרף. איין אַלטע גויע האָט געשוואָרען אז זי האָט געזעהן ווי דער „זידעלים״ מענדיל איז מיט זיין פערד אַריבערגעשפּרונגען צוויי הייזער. איין אַנדער גוי האָט איינגעראַמט א סוד דבורה׳ן אז די קיה אין דאָרף האָבען אויפגעהערט זיך מעלקען.

דער געטומעל איז געוואָרען גרעסער און גרעסער ביז די גוים זיינען אָנגעפאַלען אויף דבורה׳ן.

— דאָס איז דיין שולד — האָבען זיי געליארעמט — וואָס דיין מאַן האָט קיין רוהע, ווייל ער איז געשטאָרבען פאַר דער צייט ! דו, דבורה ביסט געווען זיין מערדערקע.

עס האָט ניט געדויערט קיין שטונדע איז דבורה שוין געווען

געבונדען די הענד און די גוים האָבען איהר געפיהרט איז טעלז צום פּריסטאַוו. ווען זעליג דער זשאַגערער וואָלט ניט מיטגע־פאָהרען וואָלטען די גוים געמאַכט אונטערוועגענס פון די פּערדי־שע אַלמנה א תל. עפּעס א קליינינגקייט אַזאַ מערדערקע, וואָס האָט געבראַכט אונגליק אויף א גאַנצען דאָרף מענשען און בהמות!

עס איז געוועזען אויף מאָרגען, פיעלע טעלזער אידען און גוים זיינען געשטאַנען אַרום פּריסטאַוו'ס הויז צו זעהן די אידישע מערדערקע, ווען פּלוצלונג א רייטער איז אָנגעקומען גאַלאָפּ צום פּריסטאַוו'ס הויז.

— אָט איז מענדיל דער טויטער! — האָט זעליג אויסגע־שריען צום פּריסטאַוו — ער אַליין קומט עדות זאָגען.

דבורה איז געפאַלען אין חלשות.

אָבער מענדיל האָט איהר אָבגעמינטערט מיט זיינע אייגענע הענד.

— איך בין קיין מאָל ניט געשטאָרבען — האָט ער פער־זיכערט זיין פלונית'טע — און כאָטש דו האָסט מיר אַזוי שלעכט בעהאַנדעלט, בין איך דיר געקומען העלפען אין נויטה! איך האָב געוואָלט אַרויסקריגען די פערד און דאָס געלד. איך האָב עס יעצט. קיין ווייטערע נקמה וויל איך ניט, כאָטש דו האָסט מיר בעהאַנדעלט ווי דו ווייסט. איך האָב גוט געשפּיעלט מיין ראָלע. ניט אמת?

— מענדיל! — האָט די עקס־פערדישע אַלמנה אויסגע־שריען ביי דעם פּריסטאַוו אין הויז.

— דבורה! — האָט מענדיל פערד ערווידערט — איך בין יעצט דער נגיד, הא?

— שלום עליכם ר' יאָקים בעמבע! — האָט זעליג אויס־

געשטרעקט אַ האַנד — אָבער שיקט מיר ניט אָבגעבען קיין בן יחיד, זאָגט מיר וואו זיינט איהר געלעגען פערשטעקט אין שטאַל?

— קליין מענדעלע גיבט זיך אַן עצה — האָט ער ערוויי־דערט — איך בין געלעגען פערשטעקט אונטען אין קלאָטץ פון קאָרעטע. איך און מיין יאָסקע שמייסער האָבען דאָס אָבגע־פּראַוועט איידער איך בין „געשטאָרבען".

דבורה מיט מענדלען לעבען יעצט ווי אַ פּאָר טויבען אין מאַזייק. איהם רופט מען „יאָקים בעמבע", איהר — „די פער־דישע אלמנה".

דער שימעל יאָקים בעמבע האָט זיך איבערגעפּעקעלט אין פערדישען גן־עדן.

# אַ פּאָעט שטאַרבט ניט

ווער איז געשטאָרבען, דער פּאָעט ? אָה ניין !
אמת, ער ליעגט דאָרט אונטער אַ שטיין.
יא, ער איז בעגראָבען, ער דרעמילט מסתמא —
אָבער קיין טויט קען פערלעשען זיין נשמה !

די צייהנער פון טויט זיינען ניט אַזוי שאַרף,
צו בייסען די טענער פון אַ פּאָעט'ס האַרף !
זיין שירה רעדט אייביג, זי גלענצט און שוועבט —
ניין פריינד, אַ פּאָעט שטאַרבט ניט, ער לעבט !

ווען דער אבענד ברייגנט די נאַכט די שטומע,
שטאַרבט אָב די בלום, ניט איהר פאַרפומע.
איהר טויט מאַכט דעם זיסען ריח ניט אָרים —
נאָך פערשמעקט זי פּאַלאַסטען און קברים.

אויך דער משורר איז אַזוי אָנגעלאָדען מיט געזאַנג,
אַז ווען ער זאָגט „גוט־נאַכט בלייבט דער קלאַנג.
אַזאַ קלאַנג קען דער קבר ניט פערדאַרבען —
אָה ניין ! אַ פּאָעט קען ניט שטאַרבען !

# נאַטור'ס קאָמערטאָן

## מוזיק פון ששת ימי בראשית

מען הערט קיין מוזיק פון די שטערן,
אויך פון דער זון ווי קען מען הערען;
דאָך הערען מיר גוט נאַטור'ס געזאַנגען —
ווען דער ווינד בלאָזט צווישען זאַנגען.

ווען עס מורמלען אין אַ שעהן וועטער,
דאָס טייכעלע און אויך די בלעטער,
ווען דער דונער בייזערט זיך מיט כעס,
דער ים ברומט, און בעגלייט ווי אַ באַס!

צו פערשטעהן דיעזע נאַטור'ס טענער,
דאַרף מען ניט זיין קיין מוזיק־קענער,
צו נאַטור'ס קאָנצערט, אימער געראַטען,
דאַרף מען קיין קאַמערטאָן, קיינע נאָטען.

# די מצבה אין קאַמאָד

אַ פּאָר קינדישע זעקעלאַך, אַזוי איינפאַך שעהן,
פּיצינאַטינקע זעקעלאַך, אַזוי פול מיט חן —
אַך, פריינדע! ווי גרויס איז מיין גליק,
יעדעס מאָל ווען איך גיב אויף זיי אַ בליק!

מיט צוויי יאָהר צוריק האָב איך זיי פערריכט,
אין אונזער הויז איז געווען אַ פרייד, אַ ליכט.
איך האָב זיי דערנאָך בעהאַלטען מיט קלאָגען,
עס איז ניט געווען ווער עס זאָל זיי טראָגען!...

מיין שעהנעס קינד, דאָס ליכט פון אונזערע אויגען,
איז פּלוצלונג פון אונזער הויז אַרויסגעפלויגען.
זי האָט איהר וויגעלע אַליין איבערגעלאָזען —
זי שלאָפט יעצט אונטער אַ בערגעלע ראָזען...

און אַזוי זיינען די זעקעלאַך געלעגען אַ צייט,
פערררוקט אין שאַכטעל פון קאַמאָד גאַנץ ווייט.
איך האָב ניט געריהרט פון שאַכטעל דאָס שליסעלע,
איך זאָל מיך ניט דערמאָנען חנה׳לעס פיסעלע.

דער הימעל האָט מיר ווידער געשענקט אַ מתנה,
אַ קינד, שעהן ווי די זון, קלאָהר ווי די לבנה;
אַ אינגעלע מיט אַ פּאָר ראָזע רונדע בעקעלאַך,
און דיזען אוצר'ל פּאַסען יעצט יענע זעקעלאַך.

קוקענדיג אויף די זעקעלאַך, פרעהט מיך מיין הערץ —
אָה, אין מיין זעעלע קוסען זיך פרייד מיט שמערץ!
איך פרעה זיך ,משה'לע פילט אוים דעם ליידיגען אָרט
און איך דענק פון זיין שוועסטערל, וואָס איז דאָרט . . .

# בייבי אַ פּאָעט

אַ בייבי גרויס ווי אַן ענטעלע —
ער וועט באַלד אַ יאָהר ווערן —
האָט אויסגעשטרעקט זיין הענטעלע,
און געקוסט אין הימעל אַ שטערן.

ער האָט דעם קוס געוואָרפען מיט חן,
מיט'ן מיילעלע געגעבען אַ מאַך ;
ווי אַ בייבי־פּאָעט'ל, וואונדער־שעהן
דעם שטערן געקוסט מיט אַ לאַך.

בייבי האָט נאַטירליך ניט געוואוסט,
דיעזע אַסטראָנאָמישע קליינינקייט :
אַז דאָס וואָס ער האָט יעצט געקוסט,
שטעהט פון איהם פיעל צו ווייט.

בייבי'ס קוס איז דאָך אַוועקגעפלויגען, —
בנאמנות, איהר מעגט עם הערן —
איך האָב אַליין געזעהן מיט מיינע אויגען.
דער קוס האָט אָנגעריהרט דעם שטערן !

דער קום האָט געשוועבט גאַנץ הויך,
אויף די פליגלען פון זילבער־שטראַהלען :
ער האָט געשוועבט דורך גאָלדען רויך,
און איז ווידער אַראָבגעפאַלען.

זעהט מיינע ליעבע זיסע פאָעטען,
דער קום מוז ליעגען אויף די גראָזען ;
איך וויל פון אייך אַ טובה בעטען —
העלפט מיר זוכען אונטער די ראָזען.

# תשליך פון אַ פּאָעט

שעהנער טייכעלע אין וואלד ! דו ביזט פאַל חן,
ווען עס קומט אפּריל, ביזט זאַ רייצענד שעהן.
שטילער טייכעלע ! איך זעה דיר טיעף פערטראַכט,
ווען דו וואַנדערסט דורכ'ן וואלד טאָג און נאַכט.
ווי אַ שפּיגעל ליעגסטו אין דיין גרינע בעט,
אין שטילען וואלד ביזטו דער איינציגער פּאָעט !

קלאָהרער טייכעלע אין וואלד ! קענסט אויך מאָלען,
דען דו מאָלסט מיט דיין פּינזעלע בערג און טהאָלען.
אויף דיין קלאָהרע ברוסט זעה איך הימעל, אַ פעלד —
אויף דיין בוזים שפּיגעלט זיך אָב נאָך אַ וועלט.
טייכעלע אין וואלד ! נאַטור איז דיין שוועסטער,
און צווישען אַלע מאָלערס ביזטו דער בעסטער !

מעלאָדישער טייכעלע אין וואלד ! איך הער דיר זינגען ;
מוזיקאַנטעלע ! איך וויל גערן דיין מוזיק איינשלינגען !
דו מורמעלסט זייט ששת ימי בראשית אַ מעלאָדיע,
וואָס איז פאַל זיסקייט, האַרמאָניע און פילאָזאָפיע,
איך הער דיך בעזינגען דיין דרייפאַכען טאַלאַנט :
זינגסט : איך בין אַ פּאָעט, מאָלער און מוזיקאַנט !"

# ברכי נפשי

„דאָס שעהנסטע ליעד לכבוד נאַטור
אין אַלע שפּראַכען איז ברכי נפשי".
(ערנסט רענאַן).

קיניגין נאַטור, די מוטער וואָס האָט אַלעם געבאָרען,
האָט אונגעדולדיג געוואַרט טויזענדע יאָהרען:
פאַר איהר האָט זי געזעהן אַ בעפעלקערטע וועלט.
און ווייט הינטער איהר — אייביגקייט'ס געצעלט.

זאָגט נאַטור: „איך הער אונטען דעם דונער קראַכען,
„איבער מיין קאָפּ זעה איך די שטערן לאַכען;
„זיי דערצעהלען פון מיין גרויסקייט דאָ און דאָרט,
„אָבער פון מענשען, הער איך נאָך קיין וואָרט.

„טויזענדע יאָהרען געקומען און פערשוואונדען,
דעם מענשען'ס צונג איז נאָך צום גומען געבונדען!
„אָך, דער מענש ריהמט זיך מיט זיין פערשטאַנד,
„ער קוקט אויף מיר שטום, שווייגט ווי די וואַנד.

„איך קען מעהר ניט וואַרטען, געשווינד געשווינד!
איך מוז בעטען ביי גאָט ער זאָל שיקען אַ קינד,

„וועלכער וועט שילדערן אין פּאָעזיע און ליטעראַטור,
„אַלעס וואָס זיין אויג זעהט אין מיר, מוטער נאַטור".

דיעזער וואונדערבאַרער פּאָעט איז ווירקליך געקומען,
בעקרוינט מיט אַ ריעזען־קראַנץ פון אלהים'ס בלומען.
ער האָט פאָטאָגראַפירט די נאַטור זיס און שאַרף —
„ברכי נפשי" האָט געשאַפען זיין גאָלדענע האַרף !

פילאָזאָפען ! ווייזט מיר אַזאַ פּאָעטישען ריעז,
ווי דיזער פערפאַסער פון „ברכי נפשי" איז !
פון ליכטיגקייט נעהט ער אַ מאַנטעל פון חן,
פון הימעל — אַ קאַרפּעט וואונדער־שעהן. (א)

פון וואָלקענס ווערט אַן אויטאָמאָביל געשווינד,
און אַ וואָלקען־באַהן אויף די פליגלען פון ווינד. (ב)
דער שטורם גאָט'ס אַמבאַסאַדאָר, פאָלל ערנסט און וויטץ,
און שדי'ס ערשטער מיניסטער איז דער בליטץ. (ג)

דער פּאָעט פון תהלים הערט די נאַטור איבעראַל,
די טייכלאַך אין וואַלד מאַכען פאַר איהם אַ באַלל. (ד)
די בוימער זינגען אין כאָר „הללויה" אונגעשטערט —
און מיליאָנען פויגעלאַך גיבען אָב קאָנצערט. (ה)

דאָס און נאָך מעהר איז אין „ברכי נפשי" בעזונגען,
דער ווידער־קול האָט עס ביז הימעל אָבגעקלונגען.
אייביג וועט דאָס ליעד קלינגען הייליג, זיס און פריי —
און בעזינגען די מאַיעסטעט פון נאַטור'ס מאַי.

---

(א) עוטה אור כשלמה, נוטה שמים כיריעה. (ב) השם עבים רכובו, המהלך על כנפי רוח. (ג) עושה מלאכיו רוחות, משרתיו אש לוהט. (ד) יעלו הרים ירדו בקעות. (ה) עליהם עוף השמים ישכון, מבין עפאים יתנו קול.

# די פויגעלאַך דאַוונען

וואו קען איך אויף מיין פראַגע אַן ענטפער געפינען —
וואָס פלוידערען די פויגעלאַך דריי אוהר באַגינען ?
יא, איך מיין די קליינע קאַנאַריען־פויגעלאַך,
מיט רויטע העלזעלאַך און טיעפע אויגעלאַך —
זייער פלוידעריי מוז דאָך האָבען אַ שטיקעלע זינען,
וואָס פלוידערען די פויגעלאַך דריי אוהר בעגינען ?

ווען אַלע מענשען שלאָפען, די וועלט איז שטיל,
הערט מען שוין די פויגעלאַך פלוידערען מיט געפיהל,
אָבער וואָס זאָגען זיי ? ענטפער מיר, דו פילאָזאָף !
זיינען זיי שוין דאַן  וואַך ? ריידען זיי פון שלאָף ?
וואו קען איך אויף מיין פראַגע אַן ענטפער געפינען,
וואָס פלוידערען די פויגעלאַך דריי אוהר בעגינען ?

דערצעהלען זיי אַ סוד וואָס מען טהאָר ניט הערען ?
אפשר ריידען זיי ניט, נאָר זיי וויינען מיט טרעהרען ?
פיעלייכט פלוידערען זיי און ווילען זיך בעמיהען
אונז אויסזאָגען, ווי אַזוי צו קענען פליהען ?
איך קען אויף מיין פראַגע קיין ענטפער געפינען,
ווארום דאַוונען פויגעלאַך דריי אוהר באַגינען ?

# אונטער אַ מענשענ׳ס פוס

ווען איך וואָלט געווען אַ בלאַט פון אַ בוים,
(ענטשולדיגט, דאָס איז נור אַ פּאָעטישער טרוים)
אַ בלאַט וואָס דאַרף טריקענען און פאַלען,
און זיך געזעגנען מיט זומער׳ס שטראַהלען —
וואָלט איך ניט וועלען האָבען אַזאַ פּערדרוס,
איך זאָל ליעגען אונטער אַ מענשען׳ס פוס!

איך וואָלט בעסער אָלס פון לופט אַ קינד
געשוועבט דאָרט אויף די פליגלען פון ווינד.
איך וואָלט געפלויגען פרעהליך גאַנץ הויך
דורך ראָזע וואָלקענס, דורך אַ גאָלדען רויך,
דען איידער אין שטוב, אויף ערד׳ס געטימעל,
בעסער אַ הפקר־קינד צווישען בוים און הימעל!

איך וואָלט אויך גיכער געשוואומען אין שטראָם,
פּנים־אל־פּנים אָנגעקוקט דעם טיעפען תהום,
מעסטען דעם ים, שמייכלען פון זיינע סכנות,
זיך שיפען מיט שטאָלץ איבער דעם אוקינוס!
וואָס, אַזאַ לעבען איז אפשר ניט צוקער־זיס?
נו, אַלץ בעסער ווי אונטער אַ מענשען׳ס פיס!

# דעם גרינהאָרן׳ס תחינה

## אין עלים איילענד

שטיינערנער געצעלט !
וואַנדערער׳ס שפיגעל !
דו ביסט אַ קליין וועלט,
און דעם גרינהאָרנ׳ס וויעגל.

ווער איז דער איינער,
וואָס וואַנדערט גערן,
אויף דיינע שטיינער,
אָהן זיפץ און טרעהרן ?

די ווילדע שפראַך
אין דיין מויער,
האָט קיין וויטץ, קיין לאַך,
נאָר „וועה” און „טרויער”...

הכנסת־אורחים שטיבעל !
דור־הפלגה־נעסט !
האָב קיין פאַראיבעל
אויף דיינע געסט . . .

# מאַי קאָנצערטען

מוזיק אויפ'ן פעלד, אין וואַלד, באַרג און טהאָל —
עס הילכט פון ים ביז ים נאַטור'ס ווידער־קול.
די זינגערס ריהרען זיך, רודלען זיך, געהען, קומען,
שוויבלען, גריבלען, טאַנצען אויף גראָז און בלומען.
אויף נאַטור'ס ביהנע זינגען איהרע אַרטיסטען פריי —
עס איז דער זיסער קאָנצערט פון מאָנאַט מאַי !
אויך רעגען און טהוי זינגען מיט געפיהל, מיט זינען,
עס זינגען די שטערן, עס זינגען פליגען און ביהנען,
עס זינגען די גרעזלאַך, עס זינגען די שטיינדלאַך,
די זומער־פויגעלע צו דער ראָזע מאַכט חן'דעלאַך..
זיי גרייטען זיך צו יוני, אין קאָסטיומען שפּאָגעל־נייז —
און היילוג שטראָמט זייער מעלאָדיע אין מאַי !

דאָס קאַנאַריק'ל זינגט זיין סאָלאָ אויבען־אָן,
די נאַכטיגאַל שטעלט אָן איהר קאָמער־טאָן.
און עס זינגען די זינגערס, און עס זינגט דער וועטער,
און עס זינגען פּאַעטען, און עס זינגען די בלעטער ;
זינג מיט מיין פעדער ! אויף נאַטור'ס ביהנע איז כדאי :
געה בעגלייטען אלהים'ס סימפאָניע אין מאָנאַט מאַי.

# דעם זיידעו'ס בקשה

— ווען איך זאָל קענען ווידער יונג ווערען
— האָט געזיפצט אַן אַלטער מיט טרעהרען
ווען איך זאָל ווערען אַ אינגעל צוריק,
ווי גרוים וואָלט דאַן געווען מיין גליק !
עס איז בעסער נויטה מיט בלאָנדע האָר,
איך זאָל צוריק האָבען מיינע פופצעהן יאָהר,
איידער צו טראָגען אַ קרוין פון סאַפיר
אויף אַן אַלטען קאָפּ, בית־עולם קאַליר !

— אַוועק אַלטקייט, דו ביסט פערפראָהרען
אָך, קומט צוריק קינדערשע יאָהרען !
אַזוי האָט דער אַלטער געזיפצט, גערעדט,
ביז אַ מלאך האָט געהערט זיין געבעט.
— לייג זיך איבער מיט דיין שכל —
זאָגט דער מלאך מיט אַ שמייכעל :
לייג זיך איבער, אָבער געשווינד :
ווילסטו טאַקי ווערען צוריק אַ קינד ?

— יא, נור איך וויל ניט זיין אַליין,
דען איך האָב אויך אַ ווייב מיט חן ;

ווילסטו מיין בקשה ערפילען גיך ?
לאָז מיין ווייב יונג ווערען ווי איך.
דער מלאך האָט בעטראַכט דעם פאַל,
האָט געמאַכט אַ פעדער פון אַ שטראַהל
און האָט געשריבען : „באָבע און זיידע,
זיי זאָלען ווערען קינדער אַלע ביידע”.

— אפשר ווילסטו בעטען נאָך אַ זאַך,
האָט דער מלאך געפרעגט מיט אַ לאַך.
בעט, זאָלאַנג איך בין נעבען דיין זייט,
דען דערנאָך וועט ניט זיין קיין צייט.
— גוט, מלאך, דו ביסט אַ גערעכטער,
מאַך אויך יונג מיינע זיהן און טעכטער.
דער מלאך האָט געוואָרפען זיין פעדער
הינטער דער מרכבה, צווישען די רעדער,

און ער האָט זיך אַזוי צולאַכט,
אַז די שרפים האָבען ערוואַכט.
— שטיי־טש, זאָגט ער, שוטה, דו בעטסט !
און ווייסט אַליין וואָס דו רעדסט !
מאַכסט פון מיר חוזק, אַ טריאַטער —
ווילסט זיין אַ אינגעל, און אויך אַ פאַטער !
ווילסט דיין יוגענד צוריק באַגעגנען ?
מוזטו מיט דיינע אייניקלאַך זיך געזעגנען.

דער מלאך האָט איהם געגעבען אַ גלעט —
ער האָט צוריק געצויגען זיין געבעט.

# אונדאַנקבאַרקייט

דו ביזט אפילו גאַנץ קליין,
דאָך האָסטו ביי מיר פיעל חן.

דיין קום מאַכט מיר אָפט בלאַס,
פון פערגעניגען מיינע אויגען נאַס.

דו ביזט אימער טריי צו מיר —
אָך ווי טהייער איך ליעב דיר.

אָה, קום מיינע ליפּען די שטומע,
לאָז מיר עטהעמען דיין פּאַרפומע.

איך בין אונדאַנקבאַר, איך ווייס,
ווען איך פיהל דיין אָטהעם זאָ הייס.

דו טרייבסט מיט מיר קאַטאָוועס —
און איך בין דיין מלאך־המות !

דען מיין מויל איז דיין טויטען־בעט׳ל —
איך מיין עס דיר, מיין ציגאַרעט׳ל . . .

# איך וועל... איך וועל...

ואל תאמר „לכשאפנה אשנה“ — שמא
לא תפנה.„ (אבות).

איך וועל דאָס בוך לעזען, איך וועל יענעם ליעד זינגען,
איך וועל בעוואונדערען שעהנע טענער וואָס קלינגען;
יאָ, איך וועל, ווען די טעג וועלען זיין לענגער — שפּעטער,
דאַן ווען מיינע געדאַנקען זיינען פריש, גרין די בלעטער.
אָבער דערווייל זיינען די טעג אַוועקגעשפּרונגען —
דאָס בוך בלייבט ניט געלעזען, דאָס ליעד ניט געזונגען!

איך וועל מיין פריינדין זעהן, איהר האַנד דריקען,
איך וועל הערצליך זיך זעטיגען מיט איהרע בליקען;
איך וועל איהר דאַן בעווייזען וואָס ריינע ליעבע בעטייט.
איך וועל... איך וועל... אָה, איך האָב נאָך גענוג צייט.
אָבער טעג פליהען אַוועק, די האָפנונג האָט ניט בעגליקט,
די פריינדין בלייבט ניט געזעהן, איהר האַנד ניט געדריקט!

דאָך זאָגט דער נאַרישער מענש „ער וועט, ער וועט“ —
און אַזוי פערנאַרט איהם די צייט ביז׳ן טהרה־ברעט!
האָפענדיג זינקט ער שטיל אין זיין אייבינען געצעלט;
טרוימענדיג האַלט ער אין איבערקעהרען די וועלט . . .
אָבער לאַנגזאַם ווערט פון זיין האָפנונג אַ תל —
דער מענש לעבט אָב כסדר מיט „איך וועל!“

# אַ פּאָעט׳ס שלאָף־ליעד

„בייבי, בייבי! זעה דאָרט די גרינע בלעטער אויפ׳ן בוים!״
בייבי פאַנגט אָן לאַכען,
ער זעהט שעהנערע זאַכען,
ווען ער שלאָפט און אויפ׳ן וויגעלע שוועבט אַ טרוים.

„בייבי, בייבי! הער דאָרט זינגען די פויגעלאַך״,
דאָס איז פאַר בייבי קיין גליק,
דען ער הערט בעסערע מוזיק,
ווען ער פינטעלט מיט זיינע בלויע אויגעלאַך.

„בייבי, בייבי! זעה די לבנה וויל דיך אַ קוש געבען!״
בייבי׳ס קלאָהר געזיכטעלע,
שיינט ווי אַ ליכטעלע,
ער זעהט בלאָנדע כרובים אַרום טאַנצען און שוועבען.

„בייבי, בייבי! הער דור ים קרעכצט, ברומט זאָ ווייט!״
בייבי ווערט ערנסט און שטיל,
זיין אויגעלע איז פאַל געפיהל;
ער קוקט מיט וואונדער און ווייס ניט וואָס דאָס בעטייט.

„בייבי, בייבי! זעה דאָרט אין הימעל די ווייסע שטערן!
בייבי ציהט איין דאָס הענטעלע,
אין זיין זילבער־ווייסע מענטעלע,
און אויף דער מוטער'ס ברוסט וויל ער ענטשלאָפען ווערן.

„בייבי, בייבי! הער דאָך דיין מאַמאַ זינגען און וויגען!"
בייבי'ס שעהנע קעפּעלע,
זאָ רונד ווי אַן עפּעלע,
בלייבט זיך רוהיג און שטיל אין זיין וויגעלע ליגען.

— — — — — — — — — —

„בייבי! בלומע פון ליכט! זעהסט דעם בלויען תהום?
שלאָף מיין ענגעל אין פריידען,
דען טרוימען איז דיין גן־עדן,
און ערוואַך מאָרגען מיט דער זון'ס גאָלדענעם שטראָם!

# אַלטקייט

איך האָב געזאָגט צו דער שוואַלב, פליה צווישען די גראָזען,
פליה שנעל איבער וועלדער, פעלדער, בוימער, ראָזען —
פליה, פליה, זוך מיר אויס יענע בלום מיט פערל־טרעהרען ;
א כשוף־בלום, דורך וועלכע איך זאָל געליעבט ווערען.
די שוואַלב האָט מיר געענטפערט : „אומזיסט דיין צייט —
די כשוף־בלום וואָס דו זוכסט, איז פון מיר צו  ו ו י י ט" !

איך האָב געזאָגט צום אָדלער : פליה הויך איבער'ן ים,
פליה אָדלער, ברענג מיר פון הימעל א ליעבעס־פלאַם !
נור  ד ו  קענסט רעטען מיין זעעלע וואָס איז פול לעבער,
ווייל פאַר אַלע אנדערע פויגעלאך פליהסטו דאָך העכער.
דער אָדלער האָט מיר געענטפערט דורך וואָלקען און רויך :
„די ליעבעס־פלאַם וואָס דו ווילסט, איז צו  ה ו י ך".

איך האָב געזאָגט צום רויב־פויגעל : צוריים מיין הערץ !
דען זי איז פול וואונדען, גיפט, וועה און שמערץ —
צוריים מיין קראַנקעס הערץ מיט איהר ליעבעס־וואונד,
לאָז מיר נור איבער דעם טהייל, וואָס איז נאָך געזונד.
און דער רויב־פויגעל ענטפערט מיט א קאַלטען גלעט :
„איך קען דיין בעגעהר ניט טהאָן, עס איז צו שפּעט".

# נאָוועמבער׳ס באַל

נאָוועמבער מאַכט פאַר די בלעטער אַ באַל;
הונדערטע בלעטער געלאַדען פון איבעראַל,
זיינען געקומען מחנות־ווייז צו שפּאַציערען —
געקליידעט אין אַלערליי פערשיעדענע קאָלירען:
געל, ברוין, רויט — יעדער מיט אַן אַנדער געזיכט
האָט געטאַנצט אויף נאַטורס־קאַרפּעט פון ליכט.
דער טאַנץ־מייסטער — דער וועטער,
די טענצערס — די בלעטער,
האָבען אַלע שעהן, עדעל, געשווינד
קאָקעטירט, געקניט, געטאַנצט, געשפּרונגען,
געבלאָזען, געפּייפט, געפלוידערט, געזונגען!

ווי זיי האָבען אָבגעפאַלקעט, אָבגעגאַדרילט,
האָבען זיי זיך אין באַהעלטענים געשפּיעלט.
זיי האָבען זיך פערשטעקט און בעהאַלטען,
אין זאַמדיגע לעכער, גריבלאַך, שפּאַלטען.
פּראָפעסאָר ווינד האָט אָנגעפאַנגען העכער.
די געסט זיינען ווידער אַרויס פון די לעכער;
דער טאַנץ־מייסטער — דער וועטער,
די טענצערס — די בלעטער,
דער קאַפּעל־מייסטער — פּראָפעסאָר ווינד,
האָבען אַלע ווידער שעהן און געשווינד,
געטאַנצט, געשפּרונגען, זיך געדרעהט ווי אַ ראַד —
געענדיגט איז נאָוועמבער׳ס לעצטער קאַראַהאָד.

# ראש השנה תרע"ג

מענש:

די נאכט איז ווארים, די שטערען אין הימעל העלל —
ווער קלאפט אזוי שפעט היינט אויף מיין שוועל?

תרע"ג:

איך בין עס, איך קום צו דיר יעצט אין דרימעל
איך בין עס, איך, תיו ריש עין גימל.

מענש:

טהייערער פרעמדער! דיין שטימע איז אונבעקאנט צו מיר,
זאג, ליעבער גאסט, וועמען זוכסטו יעצט ביי מיין טיהר?

תרע"ג:

שרעק זיך ניט, אה, לאז מיר דרויסען ניט שטעהן,
לאז מיר אריין דען איך בין די האפנונג אליין.

מענש:

צו שפעט, האפנונג איז יעצט פאר מיר שפאט,
מיין האפנונג איז שוין זייט לאנג לאנג באנקראט.

תרע"ג:

נארישער מענש! איך בין אויך די הצלחה,
ביי מיר אין האנד ליעגט פון אלעם די ברכה.

מ ע נ ש :

מיין אויער איז שוין טויב פון אזעלכע זאכען,
איך קען פון דיינע טובות קיין געברויך מאכען !

ת ר ע "ג :

נארישער מענש ! לאז זיך ניט אזוי בעטען,
איך בין געזונדהייט, איך קום דיך רעטען.

מ ע נ ש :

אזוי ? גוט, איך געה עפנען אין א גוטע שעה,
קום אריין, ניי־יאהר, קום פריינד ברוך הבא !

ת ר ע "ג :

אבער עפען אויך דיין הארץ ברייט און הויך,
ווייל איך, פרעמדער, איך בין די ליעבע אויך !

# דער אידישער „האָם סוויט האָם" *)

(דעקלאַמאַציאָן).

---

שטיל און רוהיג שלאָפט יעצט דער גרויסער ים,
דאָרט שווימט אַ שיף מיט רייזענדע פון יעדען שטאַם ;
די ווייסע פליגלען, די זעגלען פון דער שיף
האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אין אָבגרונד טיעף.
יעדער רייזענדער האָט געקוקט מיט אַ צופרידענעם בליק —
זיי האָבען אַלע שפּאַציערט לוסטיג אויפ'ן שיף'ס „בריק".

„קינדער, זאָגט דער קאַפּיטאַן, לאָמיר וואָס זינגען —
„עפּעס רעכטס וואָס מיר זאָלען אַלע איינשלינגען ;
„ אַ ליעד וואָס זאָל אונז יעדען בעזונדער געפעלען —
„וואָס זאָל יעדען רייזענדען צופריעדען שטעלען".

אַ יונגע מיידעל, שעהן געבויט, מיט בלאָנדע לאָקען,
מיט אַ העלע קלייד און מיט זייד־בלויע זאָקען,

---

*) האָם, סוויט האָם „אָך דו היימאַטה. מיין זיסע היים !" איז אַ בעקאַנטע ענגלישע ליעד מיט אַ זיסע מעלאָדיע, וואָס מען זינגט זעהר פיעל אין אַמעריקאַ און אין ענגלאַנד.

זאָגט צום קאַפּיטאַן מיט איהר ערנסטען לאַך :
„יא, מען זאָל זינגען אין דער ענגלישער שפּראַך.
„אוי יעס קעפּטען ! אונזער ליעד מוז אויך האָבען אַ זין —
„איף יו פּליז, סער, מיר זינגען „גאָד סייוו די קווין ". *)

„אונד איך גלויבע, האָט געזאָגט אַ דייטש אַנגעצונדען —
„דאָס איך האבע איין פיעל בעסערעס געפונדען :
„מיין ליעד איזט געטליך, אויך די מעלאָדיע — שעהן,
„וויר זינגען ליעבערסט אַלע, אונזער „וואַכט אַם רהיין".
„מענאָע, איך זאָג אייך, מעסיו מעדאַם, טויזענד מאָל ניין !
„זינגט ניט דאָס פערדאַמטע דייטשע „וואַכט אַם רהיין."
„דייטשלאַנד האָט קיין גוטעס, אויסער לימבורגער קעז —
„לאָמיר בעסער זינגען אין כאָר אונזער „מאַרסיילעז" **)

„אָה, ליעבע סיגנאָרעס ! נור פון מיר קענט איהר האָפען —
איז אַן איטאַליענער אויפגעשפּרונגען האַלב בעזאָפען —
„פּרעסטאַ ! פּרעסטאַ סיגנאָרעס ! מאַכט אַלע אַ וואַרע —
„איך וועל זינגען אונזער „פּאַטריאַ מיאַ קאַרע" ***)

פלוצלונג האָט זיך צוגערוקט און געבליבען שטעהן
אַן אַמעריקאַנער מיידעל פול ליעבע און אויך חן :
„צו וואָס טויג אונז לאָנדאָן, בערלין, פּאַריז, ראָם?
„לאָמיר אַלע זינגען דאָס ליעד פון „האָם סוויט האָם"

*) „גאָט בעשיץ די קעניגין", אַז ענגלישעס נאַציאָנאַלעס ליעד.
**) פראַנקרייך'ס רעוואָלוציאָנערע פאָלקס־ליעד.
***) „אָך מיין טהייערע פאַטערלאַנד".

„דיזע ליעד דארף ווערען פון אלעמען אנגענומען,
„י ע ד ע ר   פון אונז ווינשט בשלום אהיים קומען.

א אידישער רייזענדער וואס איז געשטאנען רעכטס,
האט באלד געענטפערט מיט א שרעקליכען קרעכץ :
„פריינדע !   אייער „האם סוויט האם" איז גוט,
„די זיסע היים גיבט יעדען האפנונג און מוטה ;
„אבער ניט יעדער קען זינגען אייער שעהנע ליעד —
„איך אויך ניט, איך בין א פערוואגעלטער איד.
„סוויט האם! וואו איז מיין זיסע היים? קענט איהר מיר זאגען?
„וואו איז דען פאר'ן אידען א היים אהן צרות, אהן פלאגען ?
„מיר לויפען פון גלות, אונזער גלות האט קיין עק,
„הונדערטע אידען פלאגען זיך אונטער'ן שיף'ס דעק !
„זייט צוויי טויזענד יאהר שטעהט פאר אונז אפען דער תהום—
„על נהרות בבל ! — דאס איז אונזער „האם סוויט האם".

# דער סאַנדוויטש-מאַן

(דעקלאַמאַציאָן)

---

.1

דער אַלטער סאַלאַמאָן איז ניט מעהר קיין גרינהאָרן,
ער וואָהנט שוין אין ניו יאָרק אַ שעהן בינטעל יאָהרען ;
ער איז אַמאָל געווען אַ גאַנץ גוטער סטאָלער
ער האָט פערדיענט וועכענטליך אַכצעהן דאָלער.
ער איז אַ זעכציגער—פאַר אַן ארבייטער איז דאָס אַלט—
זיין פּנים איז בלאָס און פערטרויערט זיין געשטאַלט ;
ער האָט לאַנג צוריק אין פאַבריק אַ האַנד פערלאָרען,
ער איז אַ „לעבעדיגער סאַנדוויטש” געוואָרען.
אַ „לעבעדיגער סאַנדוויטש” הייסט אויף יענקי לשון
אַ מאַן וואָס איז צווישען צוויי ברעטער געשלאָסען :
ער טראָגט פון פאָרענט און פון הינטען צוויי ברעטער
און שלעפּט זיך ארום אין אַבי־וואָס פאַר אַ וועטער.
אויפ׳ן ברעט זיינען געצייכענט אַדרעסען און פּרייזען
פון די ביזנעס וואָס אַ סוחר וויל „אַדווערטייזען”.
סאַלאָמאָן אַ „סאַנדווידש־מאַן”! דאָס איז געווים פאַר נויט—
וואָס טהוט דער מענש ניט צוליעב זיין שטיקעל ברויט ?

.2

ווען איך האָב איהם דאָס ערשטע מאָל בעגעגענט,
האָט עס אין ניו יאָרק געגאָסען, גערעגענט —
דאָס איז געווען אין דער בויערי שפּעט ביי נאַכט,
ווען איך האָב מיט איהם בעקאַנטשאַפט געמאַכט.
איך האָב איהם וואָס געוואָלט געבען פאַר רחמנות,

ער האָט מיר אָבער געזאָגט : „איך דאַרף קיין מתנות".
„דאָך, האָט ער ווייטער צו מיר געזאָגט מיט א לאַך,
„אויב איהר ווילט צאָהלען מיין ביער, איז אַנאַנדער זאַך . . .
„ווילט איהר איך זאָל אייך מיין ביאָגראַפיע דערצעהלען,
„ווי אזוי איך ליעג אין דער אדמה ניין איילען ?
„יא, מיסטער, איהר מעגט מיר גלויבען, איך קען שווערן,
„אז דער ארבייטער האָט קיין רעכט אַלט צו ווערען . . .
„איך שלעף זיך אַרום גאַנצע טעג מיט צוויי ברעטער —
„איך לויף, איך געה, איך קריך און איך קלעטער ;
„פאַרוואָס ? איך בין איין אַגענט די וועלט צו בעטריגען,
„דען איך שלעף אַרום אין די גאַסען לויטער ליגען !
„יא, איך אַדווירטייז ליגען, שמוץ, גניבה, שווינדעל
„פאַר א קאַפּיטאַליסטישע לומפּען־געזינדעל !
„ווייס איך וואָס איך אַדוועדטייז? קען איך דערגעהן א טאַלק?
„איך ווייס נאָר איך העלף מיט בעשווינדלען דעם פאָלק !...
3.
„אַט ניט לאַנג האָב איך אַרומגעטראָגען אויף מיין ברעט,
„אז מען קריגט אין חזיר־מאַרק אויף אויסצאָהלען א גט.
„אויף מאָרגען האָב איך איין אַנדער מציאה געהאַט —
„איך האָב א שמוציגע וועכענטליכע בלאַט.
„וואַרט, מיסטער, ווי באַלד איך דערצעהל, הערט אויס אַלעס—
„די גאַנצע טרויעריגע ביאָגראַפיע פון מיין דלות :
„איך האָב געהאַט א זוהן, א גוטער צייטונגס־אַגענט,
„דערצו א בריה א יונג, מיט גילדערנע הענט.
„ער האָט געאַרבייט פאַר א שווינדעל־בלאַט א קורצע צייט
„און די פערלעגער האָבען איהם געמאַכט פאַר א לייט . . .
„ער איז געוואָרען ביסלעכווייז ווי זיי פערדאָרבען,
„און ער איז ענדליך אין געפענגניס געשטאָרבען.

„יעדעס מאָל ווען איך קוק אויף מיין אדווערטייזינג־ברעט,
„דערמאָן איך, ניט ווילענדיג, מיין זוהן'ס טויטען בעט...
„ווען איך לעז די שקרים ציטערט מיר יעדעס אבר,
„דען איך זעה פאר מיינע אויגען מיין בן־יחיד'ס קבר!...

4.

„איך בין א „סאַנדוויטש־מאַן" — אַי נעוואלד א מורא!
„עהט נאָר וואָס איך אַדווערטייז, בעטראַכט די סחורה:
„פון איין זייט טראָג איך עפּעס א שווינדעל קאָמפּאני,
„און פון הינטען שלעפּ איך א פאַלשע לאָטערי.
„און עס געפינען זיך אייזלען וואָס גיבען זיי געלד —
„אוי, מיסטער! גוואַלד איז דאָס א נאַרישע וועלט!
„גלויבט מיר, איך האָב א רעכט צו האסען די רויבערס,
„דען איך אליין וואר אויך פון די גלויבערס,
„יא, אויך איך קאַליקע, איך אָרימער סטאָלער,
„האָב ביי זיי אריינגערוקט עטליכע דאָלער.
„איך האָב זיי מיין אָרימע עקאָנאָמיע געבראַכט,
„און דאָס האָט מיר ליידער פאר א סאַנדוויטש געמאַכט.
„וואָס זאָל איך טהאָן? איך בין א צובראָכענער שאַרבען, —
„זאָל איך אויף דער עלטער פאר הונגער שטאַרבען?

5.

„ווארט, דאָס איז נאָך ניט אַלץ, איהר מוזט ווייטער הערן,
— „אָבער דאָס קען איך ניט דערצעהלען אָהן טרעהרען...
„איך האָב געהאַט א טאָכטער, פּערעלע, יונג און שעהן,
„די נאַטור האָט איהר געשטעמפּעלט מיט פיעל חן;
„זי האָט גוט געזונגען, געלעזען און געשריבען,
„איך האָב שוין פאר איהר געהאַט נדן געקליבען.
„פּלוצלונג איז די שווינדעל־קאָמפּאַני אָנגעקומען

„און האָט מיין ביסעל עקאָנאָמיע צוגענומען.
„פון גרויס ערגערניס איז מיין ווייב געשטאָרבען ;
„נאָך מיין זוהן איז זי דער צווייטער קרבן.
„זייט דאַן האָט מיין פערעלע פערלאָזען איהר פאָטער ;
„כ'ען זאָגט זי זינגט אין אַ קאָנצערט, אַ טהעאטער.
„עס קען נאָך ערגער זיין... הלואי זאָל איך מיך אירדען...
„אַ קליינינקייט וואו עלענד קען אַ מיידעל פערפיהרען ?
„זעהט איהר, יעדעס מאָל ווען איך געה אום אַדווערטייזען
„אַ טהעאטער, אַ קאָנצערט פאַר ביליגע פרייזען —
„ווען איך טראָג אויף מיין ברעט שעהנע מיידלאך,
„ווי זיי הויבען די פאָלקעס, מיט קורצע קליידלאך,
„דאַן חלש איך, אין מיין זעעלע ווערט אַ שטורם־ווינד —
„ווער ווייס אויב איך אַליין אַדווערטייז ניט מיין קינד ?..."

6.

דער אַלטער סאָלאָמאָן איז באַלד אוועקגעפלויגען
מיט אַ בלוטיגע הארץ און מיט נאַסע אויגען.
וואָס דענקסטו, לעזער, פון סאָלאָמאָן ? זאָג מיר אָפען !
ענטפערט מיר, איהר פאָעטען, איהר פילאָזאָפען !
ווער האָט גערויבט זיין געלד, זיין עהרע, זיין בלוט,
זיין גליק, זיין האנד, זיין פאַמיליע און זיין מוטה ?
נאָך מעהר ! ער אַליין געהט אום זיינע וואונדען ווייזען,
ער געהט אום זיין ביאָגראַפיע אַדווערטייזען . . .
ער ווייזט אויף זיין שילד, זיין זוהן'ס טויט, זיין קאַליקע האנד,
זיין פערלאָרענע געלד, זיין ווייב'ס ענד, זיין קינד'ס שאנד
זאָג מיר נאָר, פאָלשער פראָגרעס : וואָס האָסטו אויפגעטהאָן ?
ענטפער דאָך דו געפודערטע חצופה „ציוויליזאַציאָן" ! ! !

# א לויזע צונג

א לויזע צונג מאַכט אין אונזער זעעלע אַ קעלט,
אַ לויזע צונג קען פעראונגליקען די גאַנצע וועלט.
איבריגע ווערטער האָבען אַ פינסטערע מאַכט,
צו מאַכען וויינען דעם וואָס האָט ערשט געלאַכט.

איין איבריג וואָרט פון אַ בייזע, לויזע מונד,
קען מאַכען אין אייער זעעלע אַ טיעפע וואונד.
אַ לויזע צונג קען רייסען, בייסען, ברענען —
עפּעס אַ קלייניגקייט וואָס ווערטער קענען !

איין שמוציגעס וואָרט מאַכט אַ מיידל־געזיכט בלאַס,
איין שטעך־וואָרט מאַכט דעם העלד די אויגען נאַס,
איין בליק מאַכט ציטערן דעם אַלטען יעדען אבר,
איין קרום וואָרט ברענגט די יוגענד אין קבר.

מען זאָגט : „אַ פּאַטש פערגעהט, אַ וואָרט בעשטעהט".
אָך, וואָס ווערטער קענען, ווען אַבגעריסען פון קייט !
איין וואָרט רכילות קען אָנפילען אַ הויז מיט שמערץ,
איין איבריג וואָרט קען אָברייסען אַ הערץ פון אַ הערץ !

ווען עס ווילט זיך אייך זאָגען עפּעס אָהן חן,
דאַן בייסט אַייז אייער צונג צווישען די ציינער !
ווייל אַ בייז וואָרט קענט איהר ניט כאַפּען צוריק —
נור איהר ברענגט אַן אונשולדיגען אויפ'ן שטריק.

# א פאמיליע פויגעלאך

לעבען אַ בערגעלע בלומען, אויף אַ צווייגעלע,
וויגט זיך רעכטס און לינקס אַ קליין שטייגעלע —
זעהט בעטראַכט נור דאָרט די קליינע נעסט :
אַ פאַמיליע פויגעלאַך ליגען אין איין נעסט :

זיי האָבען פריינדליך זיך היער אַלע געטראָפען,
שאַ ! ! ! וועקט זיי ניט אויף, לאָזט זיי שלאָפען.
דער נעסט איז זייער הויז און זייער וויגעלע,
אַ מאַמע בעדעקט זיי מיט איהר פליגעלע.

זיי ליגען רוהיג, פערזאָרגט מיט יעדע זאַך ;
די פויגעלאַך שלאָפען, די מוטער איז וואַך.
וואָס איז זייער שפייז ? אַ קערנדיל, אַ גראָז —
און זייער בעטעלע — אַ בלעטעלע פון אַ ראָז !

# מוסר פון א קאָזאַק

(א פאבעל וועגען די מאָראל פון טראָסט).

אפתחה במשל פי, אביעה חידות מני קדם
(תהלים ע"ח).

איין אַלטער פוקס האָט זיך געמאַטערט מיט דער גסיסה,
איז געלעגען גאַנץ שוואַך א ווײַלע פאַר דער מיתה;
ער האָט שוין לאַנג פערלאָרען זיינע אַלע ציין,
פערלאָרען זיין משפחה און געבליבען אַליין.
ווי ער איז אַזוי געלעגען אין די גרעסטע נויט,
האָט ער געוואָלט די ברידער מוסר זאָגען פאַר'ן טויט,
די פיקס זיינען געקומען פונקט אין דער צייט,
אום הערען די מוסר, פון נאָהנט און פון ווייט,
נאָכדעם ווי דער עולם איז געקומען,
מיט ליאַרם און מיט טרויעריגע ברומען,
האָט דער פוקס געעפענט זיין מויל מיט א געשריי,
און האָט אָט דיזע רעדע געהאַלטען פאַר זיי:

„ליעבע ברידער, איך ערוואַרט יעצט מיין טויט גיך.
„זעהט, געהט ניט אין שלעכטען וועג ווי איך,
„איך האָב ניט געזעהן דעם אמת, איך וואַר בלינד,
„און דארום וויל איך זיך מתודה זיין מיינע זינד.
„וועה איז מיר, איך האָב ניט געהאַט קיין רחמנות,
„פאַר מיין טויט זעה איך יעצט אַלע מיינע קרבנות:
„דאָ שטעהט די בלוטיגע גאַנז, שרעקליך צוביסען,

„דאָ שטעהען אינדיקעס וואָס איך האָב צוריסען.
„דאָ ליעגט אַ טויטער האָהן — אַזאַ צדיק, אַזאַ גוטער,
„דערוואָרגענע הינדעלאך מיט זייער מוטער . . .
„און איך, זינדיגער פוקס, האָב זייער בלוט געזויגען,
„איך זעה זיי יעצט אַלעמען פאַר מיינע אויגען.

די הונגעריגע פיקס האָבען אָנגעפאַנגען בליקען,
פון אַלע זייטען ארום, צו כאַפּען עפּעס גליקען;
זיי האָבען באַלד געזאָגט צום גוסס מיט גרויס כעס :
דו שטיק פּגירה ! ווארום מאַכסטו פון אונז שפּאַס ?
מיר האָבען פון צוויי טעג ניט געגעסען קיין דינער —
וואו זיינען דיינע גענז, אינדיקעס און היהנער ?
האָסטו דאָ געוואָלט מאַכען מיט אונז אַ וויטץ,
אָדער דו רעדסט נעבאך יעצט גאָר פון היטץ ?

„איהר זינדיגע פּרעסערס, וועה צו אייערע יאָהרען,
האָט דער אַלטער פוקס אויסגעשריען מיט צאָרן.
„ווי קומט יעצט צו מיר טויטע עופות ? חלילה ! ! !
„באשר אייך ליעגט נור אין קאָפּ די אכילה.
„איך האָב געזאָגט אַז עס פּלאָגט מיר מיין געוויסען,
„ווי איך זעה יעצט מיין יעדען גע'גזל'טען ביסען.
„שלאָגט מיר ניט איבער, לאָזט מיר מוסר זאָגען,
„איהר וועט אייך אַמאָל אלע „אשמנו" שלאָגען,
„איהר וועט חרטה האָבען אַמאָל ווען אַלטע לייט,
„אָבער דאַמאָלס, ברידער, וועט ניט זיין קיין צייט !
„וואָס איז אונזער לעבען ? גיפּט אַ פּולער בעכער,
„די יאכט־הינד קענען שוין אַלע אונזערע לעכער.
„די יעגערס פון זייער זייט, יאָגען אונז מיט געוועהר,

„מיר האָבען קיין תקומה, ניט אהין און ניט אהער!
„חלעבען ברידער, אונזערע צרות האָבען קיין עק,
„מיר פיהלען הונגער, מלחמות און זאָרג א שרעק.
„מיין עצה איז, איהר זאָלט תשובה טהאָן, ווערען גוט!
„און אויפהערען צו פערגיסען אונשולדיגע בלוט!"

חלעבען, פעטער פוקס, אייער מוסר האָט א זינען,
נור מיר קענען מעהר קיין גוטען נאָמען געפינען,
שטייטש, אונזערע עלטערען ווארען רויבער, גזלנים,
טאָ ווי אזוי קענען מיר ווידער ווערען יחסנים?
א קליינינקייט וואָס אונזערע עלטערען האָבען געטהאָן!
וואָס איז געווען זייער ביזנעס? כאַפּען א האָהן!
אונזערע זיידעס און טאַטעס, גנבים א באַנדע,
טאָ ווי קענען מיר אָבווישען דיזע שאַנדע?
ווען מיר זאָלען אפילו יעצט עסען שאר־ירקות,
זאָגאר לעבען ווי צדיקים און פאַסטען הפסקות,
וועט אלץ די וועלט ניט גלויבען אונזערע שטיק —
א פערלאָרענעם נאָמען געפינט מען ניט צוריק . . .

„אויב יאָ אזוי, האָט דער קראַנקער פוקס געזאָגט מיט שרעק
„ווי באַלד מיר קענען מעהר ניט אָבווישען דעם פלעק — —
„.... שאַ! איך הער א געזאַנג וואָס דער ווידער־קול בעגלייט•
„איך גלויב, דאָס איז דער קול פון א האָהן. וואָס קרעהט,
„פריינדע! כאַפּט איהם, מאַכט פון זיין לעבען א סוף,
„איהר וועט מיך מחיה זיין מיט א שטיקעל עוף . . . "

---

דער נמשל פאַסט זיך אויף טראַסט'ס ציוויליזאַציאָן,
פון די שעהנע מוסר לאָזט זיך אויס א האָהן . .

# לארד אתה הראית געפאנגען

## אלעגארישע דראמא אין איין אקט

(דעקלאמאציאן).

---

פ ע ר ז א נ ע ן :

גלייכהייט — א יונגע געטטין, פערוואָרפען פון די מענשען.
ליעבע — גלייכהייט'ס אונשולדיגע טאָכטער.
דער טויט — איין אלטער מאן מיט שווארצע פליגלען.
אתה הראית — א שטאָלצער מאן, פיינד דער גלייכהייט.
מזרח וואנד — א דיקער מאן פול חוצפה.
פרייהייט — גלייכהייט'ס שוועסטער.
מלאכים, געטער, געטינען, כאָר א. ז. וו.

---

ערשטע סצענע — גלייכהייט :

יא, עס איז אומזיסט וואס איך קלאָפּ אלע טיהרען,
די מענשען ווילען אלעס א ה ן מיר אויספיהרען :

זיי ווילען מיר פערניכטען אָדער גאָר פערצאַמען,
ווייל ג ל י י כ ה י י ט איז מיין הייליגער נאמען.
זאָ בין איך יעצט פון איבעראל פערטריבען :

קיין מענש. קיין פרינץ וויל מיך ליעבען,
די וועלט רעכענט מיך פאַר טריפה סחורה,
און יעדער טיראַן האָט אויך פאַר מיר מורא.
די געקרוינטע קעפּ רופען מיר גאָר טמא —
איך האָב אָבער דערלעבט אַ שטיקעל נחמה :
(גלייכהייט שטעלט זיך און זעצט פאַר מיט קוראַזש):
איך, גלייכהייט, רעגיער נאָר איבער צוויי זאַכען,
ווען דער מענש האַלט ביים וויינען און ביים לאַכען.
צו ליעבע און צום טויט, דאָ זיינען אַלע גלייך,
גאָר אָהן אונטערשיעד צווישען אָרים און רייך :
דיזע ליעבע וואָס בליהט אין פרינצען־ברוסט,
די זעלבע איז אויך דעם בעטלער בעוואוסט !
יא, אַלע שטעהען דאַן אויף אַ גלייך פוס,
גלייכהייט רעגיערט ביים ערשטען קוס !
די ליעבע, מיין טאָכטער, זי זוכט קיין פעסט,
וואו נאָר אַ יונגעס הערץ, בויט זי איהר נעסט.
אויך ביים טויטען־בעט געוועלטיג איך ווייט —
דאַן זיינען מאַגנאַטען און דיענער די זעלבע לייט.
דער טויט טריינקט אַללען מיט זיין ביטערן כוס,
מען בעגראָבט יעדען אין פינסטערן שויס . . .
איך, גלייכהייט, מיינע פרוכט  וויל  קיינער געניסען,
אין בעט און אין קבר  מוז  פון מיר יעדער וויסען !
דאַן בין איך מעהר קיין צובראָכענער שאַרבען —
איך בין אַנערקענט צום ליעבען און שטאַרבען !

## צווייטע סצענע

(ליעבע קומט אריין מיט א געוויין).

מוטער גלייכהייט: דו ביסט גערעכט,
די מענשען בעהאנדלען דיך זעהר שלעכט:
זיי לייקענען דאס וואס דו האסט זיי פערשריבען,
אויך פון ליעבע האבען זיי דיך שוין פערטריבען!
איך, דיין קינד, מוז יעצט פון מענשען ענטלויפען,
ווייל קוסען און זיפצען זיינען היינט צו פערקויפען...
אך די מענשען! זיי ווילען אלעס שאדען,
איך, ליעבע ווער פערקויפט אין לאדען...

גלייכהייט (מיט צארן):

וואס? וואס ערצעהלסטו מיין טאכטער? עס איז א שרעק.
האבען אונז די מענשען ווירקליך געמאכט אזא פלעק?
ווען מען האט מיך פון דיר, ליעבע, אויך פערטריעבען—
האלט! מיר איז נאך אבער דער קבר געבליבען.
כבוד נאכ׳ן טויט, אט דאס קענען זיי ניט אויספיהרען:
אויפ׳ן שוועל פון קבר מוז גלייכהייט עקסיסטירען!

## דריטע סצענע

## גלייכהייט און טויט

(טויט): דאס אלעס איז ניט מעהר ווי געזאגט,
פון בית־עולם האט מען דיך שוין אויך פעריאגט.
זעהסטו דארט מאנומענטען, שעהנע שטיינער?

זיי בעשיצען דאָך דעם אַריסטאָקראַט'ס ביינער.
דאָרט בעגלייטען דעם ארון מענשען אַ מאַסע —
דאָס איז אַ רייכע לויה, ערשטער קלאַסע...

ג ל י י כ ה י י ט :

וואָס ! אויך דאָ צווישען דעם אָרימאַן און רייכען !
שרעקליך, אויך דעם קבר מוז איך פערווייכען !
אַך, ווי ביטער איז מיר ! ווי גרויס מיין שאַנד !
ששש ! דאָרט קומט מיין שונא דער מזרח וואַנד.

## פ י ע ר ט ע  ס צ ע נ ע

(ליעבע און טוידט געהען ארויס און מזרח־וואַנד
קומט אריין לאַכענדיג און מיט שטאָלץ).

מ ז ר ח ־ ו ו א נ ד :

נאַרישע גלייכהייט ! דו מעגסט שוין קלאָגען,
איך האָב דיר יעצט טרויעריגע נייעס צו זאָגען :
אַ מאָל, אַ מאָל, אַ מאָל, איך מיין פאַרצייטען,
איז נאָך אין שול ניט געווען מאָדע זיך „פייטען".
יעדער בית הכנסת אין אַבי־וועלכע לאַנד,
האָט דאַן ניט געוואוסט פון אַ מזרח־וואַנד.
זעהסטו, אויך דאָרט וויל מען פון דיר ניט הערען,
און אויך אין בית הכנסת מוזטו בטל ווערען.
וואָס אמת איז אמת, איך בין צופריעדען,
וואָרום ווי קומט עפּעס גלייכהייט צו אידען ?
דאָרט קומט מיין פריינד אתה הראית אין זאַקען.
וואָרום איז ער אַזוי בלאַס און אַזוי דערשראָקען ?

## פ י נ פ ט ע  ס צ ע נ ע

(אתה הראית אין זאקען, מיט א פאר בלויע אויגען און די האר צוואווארפען, קומט אריין פערסאפעט. די ליעבע און דער טויט לויפען איהם נאך מיט געלעכ־טער). ג ל י י כ ה י י ט (קוקענדיג מיט פעראכ־טונג אויף אתה הראית):

טרויריג! פון איבעראל בין איך פערשוואונדען.
און מען שיט מיר נאך זאלץ אויף מיינע וואונדען.

א ת ה  ה ר א י ת:

(ער קען קוים דעם אטהעם ציהען; אלע הערען איהם צו מיט אויפמערקזאמקייט).

שנעל ווי א פייל בין איך פון שוהל ארויסגעלאפען,
ווייל מיר האט זיך דארט א גרויס אונגליק געטראפען,
אך טהייערער ברודער, מיין ליעבער מזרח וואנד!
מען האט מיר הייטע זעהר געמאכט צו שאנד.

מ ז ר ח  ו ו א נ ד (לאכענדיג):

קיינער האט דיר מסתמא ניט געוואלט קויפען,
דאריבער ביסטו געקומען אהער צו לויפען?

א ת ה  ה ר א י ת:

ניין, הייגט האב איך ניט געהאט זאלכע שונאים,
גאט צו דאנקען, איך האב געהאט פיעל קונים.
אנפאנג האט מען זיך מיט מיר פיעל געשטיגען,
מען האט זיך, אבער, באלד אנגעפאנגען קריעגען.
אי, האט עס דארט גערעגענט יום־טוב׳דיגע קלעפ,

אונטער די אויגען, איבער די זייטען און די קעפּ!
פּאָליסלייט זיינען באַלד אַנגעשוואָומען ווי ענטלעך,
שלום צו מאַכען מיט זייערע „עץ־חיים הענטלעך"...
אין שול האָט געראַשט, געקאַכט, און געקלונגען,
פון שרעק איז מען דורך די פענסטער געשפּרונגען.
מען האָט זיך געפּייט, די קלעפּ זיינען געפלויגען,
אַי, מען האָט זיך געמאַכט געשוואָלענע אויגען.
וואָס רעד איך? עס וואַר קיין פּייט, נור אַ מלחמה!

גליכהייט:

גליקליך! איך האָב טאַקי דערלעבט אַ נחמה!
אָט אַזוי, יחסן, אָט אַזוי, דו שטאָלצער שררה,
בראַוואָ, בראַוואָ! אַ שעהנע ריינע כפּרה!
מען האָט מיך וועה געטהאָן אין מיין יעדען אבר,
מען האָט מיך פעריאָגט פון חופּה און פון קבר;
אויך אין שול וויל מען פון מיר ניט וויסען,
דאָרט האָט מען מיין פּאָהן צוריסען...
אַלזאָ, האָב איך אין דיר טאַקי אַ נקמה,
און דיין היינטיגער שמערץ איז מיין נחמה!

(אתה הראית לויפט פאָרט און שטויסט זיך אָן דעם מזרח־וואַנד, אין דער צייט ווען פרייהייט און גלייכהייט, אַרעם געשלאָסען, פערשווינדען אין אַ וואָלקען פון פייער אויף די פליגלען פון מאָרגענשטערען. אַ כאָר פון שרפים זינגט דעם ערשטען פּסוק אתה הראית, און דער פאָרהאַנג פאַלט).

# דער ערשטער אויטאמאביל

פאַר גרויס שמחה ווער איך היינט ניט עסען,
וואָס איך זעה, קען איך ניט פערגעסען:
עס איז דער גרעסטער וואונדער דער וועלט —
מיינע אויערען האָבען זיך הויך געשטעלט.
דאָס דערצעהלען דאַרף מען פיעל הכנות —
אמת, אויף מיינע פערדישע נאמנות!

איך שלעפּ מיין וואָגען דורך אַ סטריט,
און געה זיך לאַנגזאַם טריט־ביי־טריט —
פּלוצלונג זעה איך עפּעס אויף דער ערד,
אַ קאַרעטע לויפט אָהן רויך, אָהן פערד!
ווי אַזוי?! איך וויים קיינע בויך־סברות,
זאָל איך אַזוי וויסען פון פערדישע צרות!

די קאַרעטע האָט ווי אַלע אויסגעזעהן,
דאָך איז דאָרט עפּעס געווען סודות געוועזן,
צוקוקענדיג נאָהענט — דאָס איז קיין וויטץ —
האָב איך געזעהן אונטען עפּעס ווי אַ בליטץ.
אסור, דאָס קען ניט בעגרייפען מיין שכל —
איך קען נור געבען אַ פערדישען שמייכעל.

וואָס שמייכעל? איך האָב זיך אַזוי צולאַכט,
איך האָב זיך געקייקעלט אַ גאַנצע נאַכט!
ווי האָב איך געקענט דענקען פון שלאָף?
איך בין געוואָרען אַ פיער־פיסיגער פילאָזאָף!
דען איך זעה פאַר אונז פערד אַ נחמה —
אַ נס וואָס טרייסט מיין פערדישע נשמה!

ווען איין קאַרעטע קען זאָלכע נסים בעווייזען,
ווארום זאָלען ניט אַלע קאַרעטעס אַזוי רייזען?
זאָל מען די פערד זייער פרייהייט געבען,
אנשטאט אין גאַס, אין פעלד צו לעבען!
אמת, מיר פערד זיינען ניט קיין עם־סגולה —
דאָך וואַרטען מיר אויף אַ פערדישע גאולה!

## I.

# דראַמא און מוזיק בײ אידען אין דער צײט פון דער ביבעל

(אַ לעקטשור)

---

פאַרוואָס האָבען אײגענטליך די פאַרצײטיגע אידען — די העברעער — ווי אויך די אַנדערע סעמיטען ניט געהאַט קײן דראַמאַ אין זײער ליטעראַטור אַזוי גוט ווי די גריכען, רעמער און כינעזער אין זײער צײט ?

דאָס איז די משונה'דיגע פראַגע מיט וועלכע מען האָט אונז אַ צײט לאַנג באָמבאַרדירט פון אַלע זײטען, און זאָגאַר מאַנכע בעריהמטע אָריענטאַליסטען ווי געזעניוס, עוואַלד, רענאַן און פראָפ. דערענבורג האָבען אָנגעפאַנגען צוגעבען, אַז די דראַמאַ־טישע פאָרמע אין ליטעראַטור איז געווען אין גאַנצען אומבע־קאַנט צו אידען און סעמיטען. מען האָט אַזוי לאַנג אונז פאָר־געוואָרפען אַז אונזערע זײדעס האָבען פון קײן דראַמאַ געוואוסט, ביז וואַנען כמעט אַלע אינטעליגענטע אידען האָבען עס אָנגע־פאַנגען גלויבען, און זײ האָבען אין גאַנצען פערגעסען, אַז די פראַגע : „וואָרום האָבען אידען קײן דראַמאַ געהאַט ?” איז

עהנליך צו יענער קאָמישער פראגע : „פאַרוואָס א קאָזאַק עסט קיין לאָקשען"׳.

דער אמת איז אָבער, אַז אַ קאָזאַק עסט יאָ לאָקשען — און די זעלבע זאַך איז ניט ווייניגער אמת, אז ניט נור האָבען די אַלטע העברעער געהאַט אַ דראַמאַ, זאָנדערן אויך כמעט אַלע סעמיטישע פעלקער, זייערע שכנים, האָבען זיך בעשעפטיגט מיט דער דראַמאַ, וואָס איז די העכסטע פאָרמע פון פּאָעזיע, דער וואהרער גלאַנץ פון ליטעראַטור.

איידער מיר קומען צו דער דראַמאַ אין דער ביבעל — דער צוועק פון דיזען אַרטיקעל — ווילען מיר געבען אַ קורצען בליק אויף די דראַמאַ ביי אונזערע שכנים, לויט די לעצטע אויסגראָ־בונגען אין די חורבות פון מצרים און ארם נהרים, אָדער מעַ־סאָפּאָטאָמיען. אַ צייט האָבען די היסטאָריקער געגלויבט, אַז אויך די עגיפּטער האָבען פון קיין דראַמאַ געוואוסט, ביז די לעצטע ענטדעקונג, מיט דריי יאָהר צוריק, אין די פערשאָטענע טעמפּ־לען פון נאָ־אמון און רעמסס, וואו מען האָט געפונען, אַז די עגיפּ־טישע געטער אָזירים, סעט, חארוס, איזיס און די אַנדערע האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע ניט נור אין די תפלות און בקשות, זאָנדערן אויך אין דער דראַמאַ וואָס פלעגט געשפּיעלט ווערען פון די חרטומים כמעט אין יעדען טעמפּעל ! דיזע עגיפּטישע דראַמאַ איז געווען געגרינדעט אויף די אור־אַלטע עגיפּטישע לעגענדע אַז דער גאָט פון פינסטערנים סעט (שטן, בעל־צפון) האָט אַמאָל ערמאָרדעט דעם גאָט פון ליכט, אָזירים, און זיין אלמנה איזיס, וועלכע האָט געבאָרען אַ זוהן חאָרים, באַלד נאָכ׳ן טויט פון אזירים, האָט געוואַרט ביז איהר זוהן, דער יתום, וועט אויפוואַקסען צו געהן נעהמען ראַכע פון דעם בייזען גאָט פון פינסטערנים. דיזע דראַמאַ איז געשפּיעלט געוואָרען אין די עגיפּ־טישע טעמפּלען אויף פערשיעדענע אַרטען שוין דאַן, ווען משה

רבינו האָט זיך געהאָדעוועט אין פּאַלאַץ פון רעמסס דעם צווייטען. (איך האָב דיזע דראַמאַ איבערזעצט צום ערשטען מאָל אין העברעאישע פּאָעזיע אין „כנסת ישראל תרמ״ח אין מיין אַרטיקעל „בין המצרים במצרים״). אויך די אַסיריער, לויט די לעצטע אויסגראָבונגען אין אשור און בבל, האָבען געהאַט געוויסע מיטהאָלאָגישע דראַמאַס וואָס מען פלעגט אויפפיהרען אין טעמפּעל, ווייל ביי דיזע אַלטע פעלקער איז געבאָרען געוואָרען די דראַמאַ אין טעמפּעל וואו זי האָט זיך ענטוויקעלט, און וואו די כהנים האָבען עס איבערגעגעבען בירושה צו שפּעטערע דורות בסוד סודות. די עלטערע כינעזישע דראַמאַס וואָס זיינען אָנגעקומען ביז אונז — פון די צייטען פון שלמה המלך — ווי אויך די ערשטע דראַמאַ פון אינדיען פון יענער צייט, האָבען אויך געהאַט זייער ביהנע אין טעמפּעל, און די זעלבע זאַך האָט אויך פּאַסירט מיט די בעריהמטע ערשטע דראַמאַס אין גריכענלאַנד, וואָס מען פלעגט פאָרשטעלען אין טעמפּעל אום צו העלפען די בעגייסטערונג פון עולם צו פערשיעדענע פאַנטאַסטישע און פּאַעטישע אמונות פון יענע קליינע מדינה וואָס האָט אַרויסגעגעבען אַזוי פיעל פּאָעטען און פילאָזאָפען, מאָלער און סקולפּטאָרען, יענע שעהנע גריכענלאַנד אויף וועלכער דער תלמוד אליין האָט מודה געווען: „יפת אלהים ליפת זו יפיפותו של יפת״ (גאָט האָט געבענשט גריכענלאַנד מיט עסטהעטיק און פּאָעטישען חן) — לויט ווי די גמרא ערקלעהרט אין מגילה ט.

ווי מיר זעהען האָט די דראַמאַ זיך ענטוויקעלט אין אַלטערטהום ביי די אַלטע פעלקער אין זייערע טעמפּלען. עס איז אַלזאָ אונמעגליך ערשטענס אַז די אידען וועלכע האָבען דאָן אָבגעלערענט אַ סך זאַכען פון זייערע שכנים (שופטים ב׳ מלכים ב׳, י״ז, יחזקאל ח׳) — זאָלען ניט האָבען גענאַשט פון זיי אויך דראַמאַ; צווייטענס, ווייל נאָך דעם טויט פון דוד המלך זיינען

די אידען געפאלען אונטער דעם איינפלוס פון די עגיפטער, דורך דעם שדוך וואס שלמה האט געטהאן מיט אן עגיפטישע פרינ־צעסין האט די ציוויליזאציאן פון מצרים געהאט א געוואלטיגע מאכט ביי אידען, און דריטענס, וויל באלד נאך שלמה'ס טויט האט ירבעם־בן־נבט אריינגעבראכט א סך עגיפטישע רעליגיאנס מנהגים ביי אידען, זאגאר גאלדענע קעלבער (מלכים ב', י"א, מ').

אבער דער בעסטער בעווייז, אז די אידען האבען געהאט א דראמא און אז אונזערע זיידעס זיינען אפשר געווען די ערשטע ארכיטעקטען פון דער דראמא — דער בעסטער בעווייז געפינט זיך אין אונזער ביבעל אליין און אין געוויסע אידישע צערע־מאניעס פון יענער צייט. ווי בעקאנט האט די דראמא אין אל־טערטהום זיך ענטוויקעלט שטופענווייז פונקט ווי גאלדפאדען'ס אידישער טהעאטער: דער אנפאנג פון דער דראמא איז געווען גאר צוערשט בלויז טאנצען אין טעמפעל, אין בעגלייטונג פון א גרויסען כאר. דער טאנץ און דער כאר איז געווען דער פונ־דאמענט פון דער דראמא ביי אלע פעלקער. ביי די אלטע העב־רעער האבען געשפיעלט א גרויסע ראלע דיזע צוויי ארטיסטישע זאכען פעראייניגט צוזאמען. יעדער וועלכער איז נור עפעס בע־קאנט מיט אונזער ביבעל, וויים וואס פאר א ראלע די רעליגיעזע טענץ און דער כאר האבען געשפיעלט ביי אידען, דען זאגאר דוד המלך אליין האט איינמאל מיטגעמאכט דיזע טאנץ־צערע־מאניע הינטער'ן ארון, אן אונגעוועהנליכע זאך פאר א מלך, פאר וועלכער זיין ווייב מיכל האט איהם אויסגע'מוסר'ט. ווידער אז טאנצען צוזאמען מיט כאר זיינען געגאנגען ביי אידען צוזאמען שוין א צייט פריהער, ווייסען מיר אויך פון מרים די שוועסטער פון משה, וועלכע איז געווען אן דער שפיצע פון דעם העלדיש־ראמאנטישען באלעט און כאר צו בעגריסען די אידען ווען זיי זיינען אריבער בשלום דעם ים־סוף. מרים האט זיך ניט צופרידען

געשטעלט מיט טאַנצען און זינגען אַליין — זי האָט אויך געהאַט אינסטרומענטען (שמות ט"ו, 20). מיר געפינען די זעלבע צע־רעמאָניע פון טאַנץ און כאָר ווען שאול און דוד זיינען צוריק־געקומען זיעגער פון דער מלחמה מיט די פלשתים און דעם דועל מיט גלית (שמואל א', 18).

שפּעטער זעהען מיר אין תהלים ווי אַזוי די דראַמאַ האָט לאַנגזאַם זיך ענטוויקעלט אין בית המקדש, מיט סאָלאָ און כאָר. דער סאָלאָאיסט האָט דעקלאַמירט עפּעס און דאָס פּובליקום האָט געענטפערט „כי לעולם חסדו". נור, דאָ איז פאָרגעקומען אין תהלים עפּעס וואָס האָט פּאַסירט מיט אַלע אַנדערע ספרים פון אַלטערטהום: אין תהלים איז געווען אָנגעשריבען ביי דער זייט וואָהרשיינליך מיט קליינע ווערטער „יאמר נא ישראל" (די אידען פון כאָר זאָלען ענטפערען). אָבער ווען מען האָט דעם תהלים געדרוקט, איז געוואָרען דער „יאמר נא ישראל" אַ טהייל פון גאַנצען פּסוק. און דאַרום זאָגט מען נאָך היינט „יאמר נא ישראל כי לעולם חסדו", וועהרענד דאָס איז געווען בלויז אַן אָנדייטונג אויפ'ן כאָר, ווי אין די היינטיגע דראַמאַס, וואו עס ווערט אָנגעדייטעט אין דער פּיעסע ווען דער אַקטיאָר זאָל אַרויס־געהן, זיך זעצען, זיך צו־וויינען א. ז. וו. דיזע אַלע קאַפּיטלאַך תהלים בעווייזען דייטליך אַז דראַמאַטישע געזאַנג אין דיאַלאָ־גען זיינען שוין געווען אין דער מאָדע ביי אידען אַ צייט פאַר מתן תורה.

אָבער וואָס איז נאָך מעהר חידוש: די אַלטע העברעער האָבען געהאַט דראַמאַטישע רייזע־קאָמפּאַניס, וועלכע פלעגען וואַנדערען פון שטאָדט צו שטאָדט אום צו געבען פאָרשטעלונגען פון רעליגיעזע דראַמאַס. דיזע קאָמפּאַניעס האָבען זיך גערופען „בני הנביאים"; זיי פלעגען קומען צווישען אַ סך מענשען און געבען פאָרשטעלונגען מיט טענץ, געזאַנג, אינסטרומענטען, ריא־

לאַנגען, אַקראָבאַטישע שטיק און זאָגאַר גאַנצע סצענעס (שמואל א, י׳). דיזע דראַמאַטיסטען, וועלכע האָבען זיך אויך גערופען „חבל נביאים״ האָבען געהאַט מיט זיך ניט נור אַן אָרקעסטער, זאָנדערן אויך אַ ביהנע (במה) — און זייערע קאָמיקער זיינען געווען בעקאַנט אונטער׳ן נאָמען „משוגעים״, וואהרשיינליך דורך זייערע בורלעסקע קאַריקאַטורען פאַרצושטעלען געוויסע קאָמישע פערזאָנען (מלכים ב׳, ט,).

אז איוב איז אַ פאָלשטענדיג דראַמאַ אויסגעאַרבייט דראַמאַטיש — דאָס קען זעהן אפילו אַ בלינדער, און פיעלע פון די גרעסטע קריטיקער דער וועלט שטעלען דיזע דראַמאַ פיעל העכער זאָגאַר פאַר די בעסטע דראַמאַ פון שעקספיער, דער פרינץ פון די פאָעטען ביי די אומות העולם. און וואָס איז דער מעהר מיט מגילת אסתר ? איז דען ניט די גאַנצע מגילה בעהאַנדעלט דראַמאַטיש פון ערשטען קאַפיטעל ביז׳ן לעצטען צו שפּיעלען פאַר אַבי וועלכען פּובליקום, פונקט ווי עס איז אויפגעשריבען ? אָבער לאָמיר געבען אַ שפּרונג נאָך פריהער — די פאַמיליען־דראַמאַ פון מכירת יוסף, פון די ערשטע סצענע ווי יוסף ווערט פערקויפט ביז די לעצטע סצענע, ווען אַלס ערשטער מיניסטער פון פרעה׳ס קאַבינעט, ברענגט ער אַרונטער דעם אַלטען יעקב, איז דען דאָ אַ שעהנערע מעלאָדראַמאַ ווי דאָס וואָס איז אויפגעשריבען ווערטערליך אין חומש ? דער פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר זשאָזעף מעהול, וועלכער האָט אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט אָנגעשריבען די אָפּערא „זשאָזעף וואַנדי פאַר סע פרער״ (יוסף פערקויפט פון זיינע ברידער) האָט דארום זיך צוגעלאַכט, ווען מאָסיע סקריב האָט זיך אָנגעבאָטען צו מאַכען פאַר איהם די ליברעטאָ צו מכירת יוסף.

— צו וואָס דאַרף איך אייער ליברעטאָ ? — האָט מעהול

זיך צולאכט — ווען איך האב אין חומש א פערטיגע ליברעטא צום שפּיעלען!

דאָך בין איך ניט איינפערשטאַנען מיט דער מיינונג פון מאַנכע אַנדערע, אז די צערעמאָניע פון לולב און די הקפות מיט'ן אתרוג אין שוהל און די צערעמאָניע פון די לבנה מחדש זיין, צייגען אויך אָן אַנדייטונג אויף דער דראַמאַ. דאָס זיינען — לויט מיין מיינונג — אַלטע מנהגים וואָס האָבען גאָר ניט צו טהאָן מיט דער דראַמאַ. דאָך איז א גרויסע פראַגע אויב די סדר־נאַכט האָט ניט א גרויסע דראַמאַטישע בעדייטונג. איז ניט די הסיבה־בעט מיט די אויסשטאַטונג פון סצענערים אויפ'ן טיש, מיט די אַטמאָספערע אַרום, א מין פאַמיליען־ביהנע, וואו מען פרעגט, ענטפערט, זינגט און דעקלאַמירט די אַלטע דראַמאַ פון יציאת מצרים? נאָך עד היום געפינען זיך אין רוסלאַנד פרומע אידען וועלכע פערוואַנדלען דעם טיש אין א וואַהרער ביהנע, ווי למשל זיי גיסען אויך אוים אייניגע עמער וואַסער אין הויז, פער־קאַסערען די פאָלעס און מיט א שטעקען אין האַנד „בראָדזשען זיי דעם ים" זינגענדיג „בצאת ישראל ממצרים". נור עם בלייבט זיך גאַנץ גלייך אויב די סדר־נאַכט האָט שפּורען פון דראַמאַ אָדער ניט — די שטעלען וועלכע מיר האָבען פריהער אָנגעצייגט זיינען צופיעל דייטליך אז אונזערע עלטער־זיידעס האָבען גע־וואוסט פון דער דראַמאַ נאָך פאַר מתן־תורה, און ווער ווייס אויב יעקב'ס אוראייניקלאָך זיינען ניט געוועזען די ערשטע אַרכיטעקטען פון דיזע פאָרמע פון קונסט, וואָס איז היינט פערטרעטען פון אזוי פיעל אידישע קינדער אין אַלע טהיילען פון דער וועלט, אז שריי־בען פאַר דער ביהנע און שפּיעלען אויף דער ביהנע איז היינט כמעט געוואָרען א אידישע פּראָפעסיאָן דאָ און דאָרט און אי־בעראַל — פון ים ביז ים!

מיר האָבען פריהער בעמערקט אז „איוב" איז די גרעסטע

וואונדערבארע דראמא וואָס עקזיסטירט. אָבער, די זעלבע זאַך קען מען אויך זאָגען אויף שיר השירים, רות און מגלת אסתר — וואָס יעדע אין איהר פאַך מעג זיך מעסטען מיט די גרעסטע דראמאַטישע מייסטער־שטיקער צו אַלע צייטען. וואָס דאַרפט איהר מעהר ? אין פאַריז האָט ניט לאַנג צוריק געמאַכט אַ גאַנצע סענזאַציאָן דער פראַנצויזישער דראַמאַטורג עדמאָנד ראָסטאַן מיט זיין פויגעל־דראַמאַ, אין וועלכע אַלע אַקטיאָרען שפּיעלען די ראָלע פון העהנער, היהנער, פויגלען און חיות. די וועלט קען זיך גאַר ניט אָבלויבען פון דעם פּרעכטיגען געדאַנק וואָס ראָסטאַן האָט דורכגעפיהרט, בדרך משל, צווישען פויגלען און חיות. אָבער אונזער ביבעל דערצעהלט אונז אז דער ערשטער וועלכער האָט זיך אָבגעגעבען מיט דיזער דראַמאַטישער פאָרמע, צו פערשטעהן די שפּראַך און פּסיכאָלאָגי פון דיזע ברואים, איז געוועז קיין אַנדערער ווי שלמה המלך אַליין, וועלכער האָט געוואוסט ווי אַרויסצוברענגען די פילאָזאָפיע אין אַ דראַמאַטישע פאָרמע זאָגאַר פון געוויקסען, ווי עס ווערט געשילדערט אין מלכים א. ה׳: וידבר על העצים מן הארז אשר בלבנון ועד האזוב, וידבר על הבהמה ועל העוף ועל הרמש ועל הדגים. דיזע דראַמאַס זיינען געווים געבליבען אין די צאָהל פון די דריי טויזענד משלים און טויזענד מיט פינף פּאָעמעס וואָס שלמה האָט פערפאַסט, און וואָס דער גרעסטער טהייל איז פערלאָרען געגאַנגען.

עס וואָלט איינפאַך געווען אַ ווילדער אונבעגרייפליכער רעטעניס, ווען אונזער תנ״ך וואָס ענטהאַלט אַלע פאָרמען פון ליטעראַטור וואָלט אויסגעלאָזען די דראַמאַ, וואָס איז די העכסטע פאָרמע פון ליטעראַטור, און וואָלט זיך צופריעדענגעשטעלט בלויז מיט „איוב” אַליין. אָבער, נאָך מעהר אונבעגרייפליך איז געווען ביז יעצט די ווילדע טענה פון די יעניגע וועלכע האָבען געוואָלט אין גאַנצען לייקענען שטיין און ביין, אז מיר אידען האָבען ניט־

מאלס קיין דראמא געהאט. נארישקייט ! די גאנצע ביבעל איז דאך די העכסטע דראמא, די העכסטע טראגעדיע, די ווילדעסטע קאמעדיע — אן אונשטערבליכע פיעסע אין וועלכע עס שפיע־לען די הויפט־ראלען אלע קלאסען מענשען — העלדען, חכמים, כהנים, פרינצען, פאיאצען, לומפען, ליכט און פינסטערקייט !

פונקט ווי אן אדלער ווען ער שפאלט די לופט מיט זיינע מעכטיגע פליגעל, און שוועבענדיג זעהט ער אלעס וואס עס טהוט זיך אונטער איהם, די זעלבע זאך איז מיט די אורא־לטע דראמא פון אונזער ביבעל : זי פליהט פון אור־כשדים ביז כנען, צווי־שען מצרים און אשור, זי לעגט א סצענע אויפ׳ן בארג אררט, א סצענע אויפ׳ן שומרון און דער אקט פערוואנדעלט זיך מיט א געוויין אויפ׳ן בארג נבו, וואו דער גרויסער משה בעגראבט זאגאר זיין אייגענעם קבר! נייע סצענעס פון קאמעדיע מיט א לאך אויף בבל, א שמייכעל אויף תרשיש, מיט נייע ביהנען־פערוואנד־לונג און אן אנדער אקט שליסט זיך מיט ירמיהו׳ס טרויער־מארש אויף ציון ! אבער, די דראמא האט נאך אקטען דארט וואו די העלדען לעגען צו דעם אויער צו דער מערת המכפלה, בוקען זיך פאר׳ן שטילען זאמד־בערגעל פון מוטער רחל, פערזיגלען איהר מצבה מיט א קוש, און ווידער א ביהנען־פערוואנדלונג . אה, דיזע היסטארישע דראמא פון אונזער ביבעל וואס פאנגט זיך אן מיט דעם אנפאנג פון דער היסטאריע איז נאך גאנץ ווייט פון לעצ־טען אקט : זי איז אן אייביגע דראמא, ווי די אייביגקייט אליין.

ווער וואגט צו זאגען, אז מיר אידען האבען קיין דראמא ניט געהאט !

# II.

# דעם אידען׳ס אָרקעסטער אין דער צייט פון דער ביבעל

מוזיק אינסטרומענטען.— מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציאָנען און געזאַנג ביי אידען אין די גאַנץ אַלטע צייטען, איידער דער תנ״ך איז בעקאַנט געוואָרען אַלס טעקסט־בוך פון ציוויליזאַציאָן.

### 1.

קיין פאָלק אין אַלטערטהום איז ניט געווען דורכגעקנעטען מיט מוזיק, אַזוי דורכגעווייקט מיט מעלאָדיע ווי די אידען אין דער צייט פון דער ביבעל. אויב דער איד איז געגאַנגען זיך בוקען מיט רעספּעקט אין זיין היילינגטהום זיך צו סוד׳ען מיט׳ן הימעל, אָדער ער איז צוריק געקומען פון שלאַכטפעלד אַ זיעגער, אָדער ער איז געגאַנגען זוכען בעגייסטערונג אין ליעבע, אין אונטערהאַלטונג, אין נאַציאָנאַלע ימים טובים, האָט מוזיק אימער געשפּיעלט די גרעסטע ראָלע. — און דאָרום איז די אַלטע ביבעל דורכגעוועבט מיט׳ן גייסט פון מעלאָדיע און האַרמאָניע אַזוי וייט, אַז ווען איהר נעהמט ארויס פון תנ״ך דיזע שפּראַך

פון די שרפים אין הימעל — מוזיק — בערויבט איהר פון אונ־
זער ביבעל די שעהנסטע ציערונג.

נאָך דעם ווי גאָט האָט בעשאַפען פון ליים דעם קערפער
פון אדם הראשון — דערצעהלט א מדרש — ווען גאָט איז גע־
ווען גרייט אריינצובלאָזען אין דיזען קערפער א נשמה עס זאָל
קענען לעבען, האָט זיך אָנגעפאַנגען א קריעג צווישען דעם
פּראָסטען חומר און דעם איידעלען גייסט. דאָס הייסט : די
נשמה האָט פּראָטעסטירט ווארום זי מוז אָנקומען אין אזא
פּראָסטען פּלאַץ ווי דער גוף, און דער גוף האָט זיך געפיהלט
שטארק געערגערט ווארום די נשמה בעליידיגט איהם אזוי. איי־
נער פון די כרובים וואָס איז געשטאַנען דערביי האָט אויפגע־
הויבען א פוסטען שטעקעל פון עץ הדעת און אָנגעפאַנגען שפּיע־
לען. ער האָט ארויסגעצויגען אזעלכע צויבערליכע מוזיק, אז
די נשמה פון כסא הכבוד האָט זיך געצויגען אַלץ נעהנטער און
נעהנטער אום צו הערען די זיסע מעלאָדיע, און פערגעסענדיג
אין גאַנצען איהר פריהערדיגען פּראָטעסט, האָט זי זיך געלאָזט
פאַנגען אין קערפּער פון אדם הראשון.

דיזער מדרש איז א סימבאָלישע ערקלעהרונג וועגען די
גרויסע ראָלע וואָס מוזיק האָט געשפּיעלט דאַן ווען דער ערשטער
מענש האָט בעקאַנטשאַפט געמאַכט מיט׳ן ערד־קוגעל און בע־
גריסט צום ערשטען מאָל די זון. אויך די אַלטע אראבישע לי־
טעראַטור האָט א שעהנע לעגענדע, אז נאָכדעם ווי אדם און
חוה האָבען געמוזט פערלאָזען דעם גן־עדן אַלס שטראָף פאַר
וואָס זיי האָבען געגעסען פון עץ־הדעת, האָט גאָט געפיהלט אויף
זיי רחמנות מיט דיזע ווערטער : „אָה, איהר האָט פערשפּיעלט
דעם גן־עדן, איהר זייט פעראורטהיילט צו ארבייטען און צו
צרות. איך האָב אָבער פאַר אייך א צייט־פערטרייב וואָס וועט
אייך מאַכען פערגעסען אייערע ליידען. דאָ גיב איך אייך מיט

אין גלות א הארפע געמאכט פון עץ־החיים, דער בוים פון לעבען, און די טענער פון דיזע הארפע וועלען אייך ברענגען טרייסט יעדעס מאָל ווען אייערע אויגען זיינען פערוואָלקענט."

.2

מיר ווילען ניט געהן ווייטער צו זוכען אידישע און אנדערע סעמיטישע לעגענדען וועגען די מאכט פון מוזיק, ווייל דער צוועק פון דיזען רעפעראט איז ניט אייך איבערצוגעבען ווי אזוי מען האָט אין אָריענט געקוקט אויף מוזיק אין אַלטערטהום, נאָר די ראָלע וואָס מוזיק האָט פערנומען ביי אונזערע זיידעס די העברעער, און דארום וועלען מיר זיך האַלטען שטרענג ביי אונזער אַלטען תנ"ך אליין וואָס פאנגט אָן מיט מוזיק. אין דעם 4טען קאַפּיטעל פון בראשית ווערט דערצעהלט, אז די דריי ברידער וואָס למך'ס צוויי ווייבער עדה און צילה האָבען גע־באָרען זיינען געוועזען: יבל, דער ערפינדער פון פאַרמעריי, יובל דער ערפינדער פון הארפע און פלייט; און תובל־קין, דער ערפינדער פון אַלע שמידעריי און קונסט־זאכען אין קופּער און אייזען (יבל היה אבי אהל ומקנה, ושם אחיו יובל הוא היה אבי כל תופש כנור ועוגב... תובל קין לוטש כל חורש נחושת וברזל). ווי איהר זעהט, גיט אונז איבער די ביבעל באַלד אין בראשית זאָגאר דעם נאָמען פון דעם ערשטען מענשען וועלכער איז געוועזען דער ערפינדער פון די ערשטע מוזיק־אינסטרומענטען.

אָבער, אויב דער ערפינדער פון מוזיק איז געוועזען א מאַן, דערצעהלט אונז די ביבעל, אז די ערשטע פּערזאָן וואָס האָט געמאכט א געברויך פון מוזיק־אינסטרומענטען איז געוועזען א פרוי, און דיזע מוזיקאַלישע דאַמע איז געוועזען קיין אַנדערע ווי די נביא'טע מרים, משה'ס שוועסטער, ווי עס ווערט אונז איבער־געגעבען אין שמות 15, אז נאָכדעם ווי משה מיט די אידען

האָבען אָבגעזונגען דעם פּרעכטיגען זיעגס־ליעד „אז ישיר", האָט מרים אַליין דיריזשירט אַן אָרקעסטער און כאָר פון פרויען און אויסגעדריקט אין מוזיק, און מיט אַ באַלעט, די וואונדערבאַרע נאַציאָנאַלע שמחה פון יציאת מצרים. עס איז קיין צווייפעל אַז אויך פאַר מרים האָבען די העברעער געמאַכט גענוג געברויך פון די מוזיק־אינסטרומענטען וואָס יובל האָט אויסגעפונען, אָבער דער תנ"ך דערמאָהנט עס ניט ביז מרים'ס היסטאָרישען קאָנ־צערט פון יציאת מצרים. דער מאַן ערפינדעט, און די פרוי איז די ערשטע צו מאַכען דערפון אַ געברויך! בעוויזט אונז ניט די היסטאָריע פון אַלע צייטען ווי דער מאַן בעשאַפט און די פרוי מאַכט דערפון אַ נוץ? איז ניט די פרוי געווען די קוועלע פון בעגייסטערונג פאַר'ן מאַן ער זאָל בעשאַפען נייע זאַכען?

אָבער, די אידען האָבען זיך ניט צופריעדען געשטעלט מיט די געצעהלטע אינסטרומענטען פון למך'ס זוהן, דען לויט קאַ־פּיטעל י' אין במדבר, איז קלאָהר אַז דער טרומפּעט איז געווען די ערפינדונג פון משה אַליין, וויל דיזער גרעסטער געזעץ־געבער דער וועלט האָט געמאַכט צוויי זילבערנע טרומפּעטען, יעדע פון איין שטיק — שתי חצוצרות כסף מקשה — און דער היס־טאָריקער יאָזעפוס פלאַוויוס וועלכער שילדערט גענוי די פאָרמע פון דיזע מוזיק־אינסטרומענטען, פערזיכערט אויך אַז דאָס איז געווען די אייגענע ערפינדונג פון משה, וועלכער האָט גוט שטו־דירט חכמה און קונסט אין די אקאַדעמיעס פון מצרים, אין די קאָנסערוואַטאָריומס פון נא־אמון, נוף און תחפנחס. עס קען זיין אַז דערפאַר וואָס דער טרומפּעט איז געווען משה'ס ערפינדונג האָט ער פערנומען אַזא וויכטיגען פּלאַץ ביי אידען אין זייער נאַציאָנאַלען לעבען וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין דער מדבר. דער טרומפּעט האָט אויך געהאַט אַ סימבאָלישע בעדייטונג אין אידישע פינאַנץ פון יענער צייט, דען אויף פיעלע אור־אַלטע

אידישע מטבעות וואס זיינען היינט אין די מוזעאומס פון דער וועלט, געפינט מען אויסגעקלאפט די פארמע פון איינע אדער צוויי חצוצרות — די טרומפעטען פון וועלכע דער פרינץ פון אלע נביאים איז געווען דער ערפינדער.

.3

ווענען די בעצויבערענדע מאכט פון מוזיק, די מאיעסטעט פון די טרומפעטען, דערצעהלט אונז צום ערשטען מאל יהושע, ווי אזוי ער האט געשטורעמט די טויערען פון יריחו ביז דער פיינד האט איבערגעגעבען די בעלאגערטע שטאדט צו די אידישע ארמעע אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל יהושע בין נון. מאנכע זוכען צו ערקלעהרען דיזען זיעג דורך מוזיק גאנץ איינפאך, אז די חצוצרות האבען ארויסגעגעבען אזעלכע מעכטיגע קולות און געמאכט אזא ליארם, אז דער פיינד אינוועניג האט זיך דערשראקען. דאס הייסט אז די טרומפעטען האבען געבראכט א פאניק אין שונא'ס לאגער און דער זיעג פון יהושע איז שוין געקומען ממילא. אבער, צו וואס דארף מען קריכען אויף גלאטע ווענד ווען מען קען עס ערקלעהרען אזוי פאעטיש-איינפאך: ניט די פערטויבענדע קולות פון די טרומפעטען האבען פערטומעלט דעם פיינד, נור די זיסע טענער פון די מעלאדישע געדאנקען וואס די חצוצרות האבען ארויסגעגעבען. אט דיזע וואונדערבארע הארמאניע פון די מיליטערישע מוזיקאנטען אין יהושע'ס ארמעע, האט בעגייסטערט יהושע'ס סאלדאטען מיט מעהר קוראזש און האט אפשר אויך ניט ווייניג געווירקט צו ריהרען די הערצער פון שונא ער זאל זיך אונטערגעבען. עס איז אמת, אז מיר געפינען אין תנ"ך, אין אן אנדער פלאץ, ווי אזוי גדעון האט בעזיעגט די פיינדליכע ארמעע פון מדין מיט טרומ-

פעטען, און דאָרט שטעהט דייטליך אַז די 300 אידישע סאָל־
דאַטען וועלכע האָבען געבלאָזען אויף די טרומפּעטען האָבען
נור אויסען געוועז צו וואָרפען אַ שרעק אויפ׳ן פיינד, זיי ברענ־
גען אַ פּאַניק, דאָס וואָס האָט זיי ווירקליך געהאָלפען (שופטים
ד׳). אָבער גדעון׳ס עקספּעדיציאָן איז ניט געווען צו ברעכען
מויערען ווי יהושע, נור עס איז געווען אַן איינפאַכע בעגעגניס
אויפ׳ן שלאַכטפעלד, וואו עס איז אַלע מאָל די טאַקטיק פון אַ
גוטען גענעראַל צו דעמאָראַליזירען די אַרמעע פון געגנער דורך
אַ פּאַניק, אַ מהומה. גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט די מיליטע־
רישע מוזיקאַנטען פון יהושע׳ס אַרמעע וועלכע האָבען געבראָכען
די האַרטנעקיגקייט פון פיינד דורך מוזיק. אגב איז דאָס אויך
אַ פרעכטיגע מליצה פון דער ביבעל צו מוזיק, אַ בריליאַנטענער
קאָמפּלימענט אַז מוזיק קען ריהרען שטיינער און פעסטונגען
פונקט ווי הערצער, די זעלבע זאַך ווי די גריכישע מיטהאָלאָגיע
האָט שפּעטער דערצעהלט די וואונדער פון אַפּאָלאָ׳ס פליים,
און ווי ריכארד וואַגנער האָט אַזוי פרעכטיג איינגעפלאָכטען
דעם זעלבען קאָמפּלימענט צו מוזיק אין דאָס גרעסטע מוזיקאַ־
לישע מייסטער־שטיק פון 19טען יאָהרהונדערט „דער ניעבע־
לונגען רינג”.

.4

דער גרעסטער פון אַלע מוזיקאַלישע פּרינצען, פּאָעטען און
און העלדען איז געווען דוד המלך, וועלכער האָט פעראייניגט
מוזיק מיט פּאָעזיע, העלדענטהאַט מיט דיפּלאָמאַטיע. ער האָט
געפונען זיין בעגייסטערונג איבעראַל, אויף די שטורמישע ווע־
לען פון ירדן, אויף די בלומען פון שרון, אויף די בוימער פון
לבנון! עס שיינט אָבער אַז דוד המלך איז אויך געווען דער
ערפינדער פון געוויסע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען, ווי עס

בעווייזט דער פאָלגענדער פסוק אין עמוס קאַפּיטעל 6, וואו דער נביא לאַכט אָב פון די אַריסטאָקראַטען וועלכע „צימבלען אויף די האַרפע און האַלטען זיך פיר גאַנצע מוזיקאַלישע ערפינ־דער ווי דוד" — הפורטים על פי הנבל, כדוד חשבו להם שיר — און עמוס ערגערט זיך ווארום זיי ניצען אויס זייער מוזיק ביי געלעגענהייטען וואָס פּאַסען זיך ניט. ווידער, אין דברי הימים, כ"ז, 5, דערצעהלט אונז די אידישע היסטאָריע פון „פיער טוי־זענד לוים וועלכע האָבען אָבגעריכט גאָטעס־דיענסט מיט מו־זיקאַלישע אינסטרומענטען וועלכע דוד המלך האָט אַליין גע־מאַכט".

אָבער דער מוזיקאַלישער טאַלאַנט ביי שלמה'ס פאָטער האָט זיך ניט אָבגעשטעלט ביי מוזיק און פּאָעזיע אַליין. דער אידישער קעניג איז אויך געווען דער ערשטער וועלכער האָט געזוכט אין מוזיק אַ רעצעפּט, און עס איז געוויס בעקאַנט צו די מייסטע פון אונזערע לעזער די מערקווירדיגע שטעלע אין שמואל א', י"א, 16—23, ווי אַזוי שאול המלך האָט איינמאָל שטאַרק געליטען פון אַ נערוועזע קראַנקהייט, אַ קרבן פון מרה שחורה, און דוד המלך האָט איהם אויסגעקורירט מיט מוזיק! אין דיזע שעהנע שילדערונג זעהען מיר דעם ערשטען ביישפּיעל אין דער היסטאָריע ווי מען האָט געברויכט מוזיק אַלס מעדיצין, און דיזע רפואה איז אויך די לעצטע צייט אַנערקענט געוואָרען פון אַלע ספּעציאַליסטען פון נערוועזע קראַנקהייטען אין אַלע ווינקעלאַך פון ציוויליזאַציאָן פון ים ביז ים. יאָזעפוס (בוך 4, קאַפּיטעל 8) דערצעהלט אונז, אַז דוד איז געווען דער איינציגער דאָקטאָר אין שאול'ס הויף, און עס איז קיין צווייפעל אַז די מו־זיקאַלישע בעריהמטקייט פון דוד האָט זיך אָנגעפאַנגען דאַן, ווען ער האָט שאול'ס מרה שחורה פערטריבען דורך די זיסע מעלאָ־דיען פון זיין האַרפע.

דער תלמוד דערצעהלט אונז אז דוד המלך האָט געהאט אַ מוזיקאַלישען אינסטרומענט הענגען איבער זיין בעט אזוי איינ־געריכטעט, אז ווען עס פלעגט בלאָזען אַ ווינטעל — פלעגט דער אינסטרומענט שפּיעלען אויטאָמאַטיש גאַנץ אליין און איהם אויפוועקען צו זיין נאָבעלע ארבייט פון מוזיק און פּאָעזיע. (כנור היו תלוי למעלה ממטתו של דוד וכיון שהגיע חצות הלילה, רוח צפונית מנשבת בו והיה מנגן מאליו. — ברכות ג׳ וסנהדרין ט״ז). דאָס איז דער ערשטער אויטאָמאַטישער מוזיק־אינסטרו־מענט אין דער היסטאָריע ! אויך רעדט דער תלמוד מיט אזוי פיעל בעגייסטערונג פון דוד׳ס שטימע אלס זינגער, אז די פוי־געלאך פון די בוימער פלעגען צוזאמענפליהען אויפ׳ן וואונדער צו הערען די מוזיקאַלישע דביקות פון אידישען קעניג. איב־ריגענס, וואָצו דארפען מיר געהן זוכען דיפּלאָמאַס אויף דוד המלך׳ס מוזיק־אינסטרומענטען אין תלמוד, אין מדרש אָדער אין יאָזעפוס ? דער תהלים אליין איז פול מיט אלערליי מוזיק־אינסטרומענטען וואָס זאָגען עדות, ווי ווייט דאָס יודענטהום אין די אור־אלטע צייטען, איז געווען צוזאמענגעפלאָכטען מיט מוזיק, די שעהנסטע פון אלע שעהנע קינסטע, וואָס קען אויס־דריקען אין טענער דעם מענשען׳ס פרייד פּונקט ווי דעם מענ־שען׳ס לייד, און אונז געבען אַ ביאָגראַפיע פון וועלט־שמערץ אין מעלאָדיע.

**.5**

אָבער, אידען האָבען געהאט אָרקעסטערס און קאַפּעליעס ניט נור פיר גאָטעס־דיענסט, שמחות, חתונות און באַנקעטס, זאָנדערן אויך גוטע מיליטערישע מוזיק צו בעגריסען אַ גענעראַל, ווי אויך פעלד־קאָנצערטען, ווען מען נעהמט אראָב די תבואות פון פעלד (שופטים י״א, שמואל א׳ 18), און עס האָט אויסגע־

זעהן ווי מוזיק איז די נשמה פון די אלטע העברעער ביי יעדע געלעגענהייט, פון וויגעלע ביז צום קבר.

ליידער, אויב מיר ווייסען געווענג וועגען די אינסטרומענטען אין דער צייט פון דער ביבעל, ווייסען מיר אָבער ניט פון די מוזיק אליין וואָס אונזערע זיידעס האָבען געהאַט אין יענע אור־אלטע צייטען, דען וועהרענד זייער פּאָעזיע איז צו אונז אָנגעקומען, א דאנק די ביבעל, האָבען מיר נאָך אלץ ניט קיין ריכטיגע שפּור פון די בעטאָנונג פון זייערע נאָטען וואָס זיינען אָנגעקומען ביז אונז דורך די טראָפּ. נאָר אין דיזען רעפּעראַט האָבען מיר ניט צו טהאָן מיט די מוזיק אליין, בלויז מיט די אינסטרומענטען, און ביי אַן אַנדער געלעגענהייט וועלען מיר נאָך האָבען צו זאָגען אויספיהרליך וועגען די סאָפּראַנאָ אָדער „מעדכען־שטימע" ווי דער תהלים רופט עס (על עלמות), די באַס־שטימע — „על השמינית", וואָס איז מיט אַן אָקטאַווע ניעדריגער, ווי אויך וועגען די ביאָגראַפיע פון אלטען אידישען קרעכץ און הורראה אין נאָטען.

ווי דער לעזער קען זעהן פון דיזען קורצען לעקטשור, איז מוזיק געבאָרען געוואָרען און האָט מיטגעלעבט מיט אונזער ביבעל און מיט אונזער נאַציאָנאַליטעט, און דאַרום איז דער איד איינגעטונקט אין מוזיק פון „מזל טוב" ביז „עליו השלום": ביי דער געבורט ווערט דער נייער גאַסט בעגריסט פון חזן מיט אידישע מעלאָדיען, דער בר־מצוה ווערט בעזונגען אין הויז אָדער אין שול מיט אידישע נגונים, אונטער דער חופּה איז דער חזן ווידער דאָ, און צו איהם מוזיקאַנטען — און אפילו דאַן, יענער שרעקליכער „דאַן" — דאַן ווען מיר דערמאָהנען אונזערע טויטע פריינדע, קומט דער חזן מיט זיין וויינעדיגער האַרפע און גיט אונז איבער אין זיין מוזיקאַלישען זיפץ דעם „אל מלא רחמים" אין שוהל אָדער ביי דער מצבה.

# „כל־נדרי" אין דער קונסט און אין דער היסטאָריע

— ווי קומט עס וואָס ביי אידען איז אומגעקעהרט דער סדר זאָגאר אין זייער סדור און מחזור ? אזא ערהאבענע תפלה ווי „ונתנה תוקף" בעהאַנדעלט די גרויסע דראַמאַ פון לעבען און טוידט — די אייביגע פראַגע פון „מי יחיה ומי ימות" האָט גאַנץ איינפאַכע מוזיק כמעט אַ מאָגערע מעלאָדיע, וועהרענד „כל־נדרי", וואָס די ווערטער האָבען ניט איין פונק פּאָעזי אָדער מליצה, אַט גראַדע דיזער מאָגערער „כל נדרי" האָט די שעהנסטע הערצרייסענדע מעלאָדיע וואָס דער טאַלענט פון מיטעל־אַלטער האָט בעשאַפען ?

דיזע פראַגע האָט געשטעלט דער בעריהמטער מוזיקער פון דייטשלאַנד — מאַקס ברוך, דער אידישער קאָמפּאָזיטאָר וועלכער איז בעוואוסט דורך זיינע רייכע סימפאָניעס און איבערהויפּט דורך זיין „כל נדרי" פיר וויאָלאָנטשעלאָ און אָרקעסטער. אָבער, מיט אונזער גרויסען מאַקס ברוך האָט פּאַסירט דער זעלבער טעות ווי מיט פיעלע אַנדערע גרויסע מוזיקער און זאָגאַר ליטע־ראַטען וועלכע האָבען געזעהן אין „כל נדרי" בלויז טרוקענע שבועות, אַלט־מאָדישע חרמות אין אַן אָרימען תרגום. זיי האָבען גוט געוואוסט די בעדייטונג פון די ווערטער, אָבער ניט די היס־

טאָריע פון „כל נדרי", א היסטאָריע צ ו ו י ש ע ן ד י ש ו ר ו ת, וואָס דערצעהלט אונז די שוידערהאַפטע געשיכטע פון צעהנדליג טויזענדע שפּאַנישע אידען, פונקט ווי די מוזיק פון „כל נדרי" דערצעהלט אונז אין מעלאָדיע אָהן ווערטער די ביאָגראַפיע פון אַלע אידען אין גלות — ישראל'ס ביאָגראַפיע אין טענער. „כל נדרי" מיט די מוזיק האָבען געהאַט זייער וויעגעלע אין שפּאַניען דאָן ווען די אינקוויזיציאָן האָט די אידען געברענט און געבראָטען, צווינגענדיג טויזענדע פון זיי צו שמד. טויזענדע אידען זיינען געגאַנגען צו דעם מזבח פון דער אינקוויזיציאָן מיט א שמייכעל אויפ'ן פּנים, מיט „הללויה" אין הארצען און מיט „שמע ישראל" אויף זייערע ליפּען. א טהייל פון די אידען האָבען אָנגענומען דאָס קריסטענטהום בלויז עפענטליך, אָבער אין הארצען זיינען זיי געבליבען עכטע פּאַטריאָטישע אידען. דיזע בעהאַלטענע אידען (אנוסים) אָדער מאַראַנען" ווי מען האָט זיי גערופען, האָבען עקזיסטירט איינינע הונדערט יאָהר ניט בלויז אין שפּאַניען, זאָנדערן אויך אין פּאָרטוגאַל. זיי פלעגען זיך בעהאַלטען אין היילען, אין לעכער און חורבות אונטער בערג און אין וועלדער אַבי צו קענען פייערען מיט אַלע אידען גלייך יום כפור, דעם גרויסען טאָג פון פערגעבען און פערגעסען, דער טאָג ווען עס ווערט פערזיגעלט די אַליאַנץ צווישען מענש און הימעל!

דאָרט אין די שטילע בעהעלטענים פלעגען דיזע געהיימע אידען קומען זיך סוד'ען מיט גאָט ביי אָפענע ספרי תורה און אַנדערע ספרים, און פונקט ווי דער העלד אויפ'ן שלאַכט־פעלד וועלכער געהט אָפט נאָך דעם קול פון טרומפּייטער ביז'ן קבר, אַזוי פלעגען זיי זיך מוסר נפש זיין מיט זייער שטילען יום־כפור, אָנקוקענדיג דעם שרעקליכען טויט פּנים אל פּנים! איידער זיי פלעגען זיך שטעלען אויסגיסען זייער אידישע הארץ דעם גרעס־

טען טאָג אין יאָהר פיר אידען, האָבען זיי בעדאַרפט אָבשאָקלען פון זיך די שבועות וואָס די קירכע האָט פון זיי אַרויסגעקראָגען דורך מאַטערניש, זיי האָבען געמוזט מבטל זיין אַלע נדרים, חרמות און הבטחות וואָס די מערדערליכע אינקוויזיציאָן וועט זיי צווינגען צו מאַכען דעם קומענדען יאָהר, שווערענדיג צו דעם אַרכיטעקט פון דער וועלט אַז זייער נשמה איז געבליבען ריין ווי די שטראַהלען פון די יום־כפור־ליכט וואָס זיי פלעגען אָנ־צינדען מיט פערוואָלקענטע אויגען אין בעהעלטענים.

אָה, דער אונשטערבליכער אידישער מוזיקער פון יענער צייט וועלכער האָט דאַן בעשאַפען דעם ניגון פון „כל נדרי", ער האָט שוין גאַנץ גוט געוואוסט די היסטאָריע פון דיזע זאָנדער־באַרע תפלה, און דאָס איז דער סוד פאַרוואָס ער האָט געוואוסט ווי אַריינצוברענגען אַזאַ וואונדערבאַרען פער'כשופ'טען טראַגי־שען קרעכץ אין די טענער פון „אָי" וואָס דערצעהלען אַזוי איינ־פאַך דעם אידען'ס טראַגעדיע צווישען די פעלקער, זיין ליעבע צו זיין נאַציאָן, זיין בליק צום הימעל, זיין קאַמפף, זיין פערצווייפ־לונג און ענדליך זיין בטחון אַז „עס וועט מוזען בעסער ווערען"!

איז עס ניט אַ רים אין הארצען אַז די אידישע געשיכטע וויים צום מאָל ניט דעם נאָמען פון יענעם אונשטערבליכען חזן אָדער מוזיקער וועלכער האָט אַזוי פרעכטיג צוגעטראָפען די מעלאָדיע פון אידען'ס נשמה ? איז עס ניט צו בעדויערען אַז מיר קענען היינט ניט יענעם זיסען מנגן פון מיטעל־אַלטער וועל־כער האָט אין „כל נדרי אַריינגעוועבט אַזאַ מעלאָדישען פירוש אין דער שפּראַך פון די שרפים אין הימעל — מוזיק ?

דאָך, מעגען מיר זיך טרייסטען וואָס עס איז כאָטש אונז געבליבען די האַרמאָנישע פערל אַליין, אַ קאָמפּאָזיציאָן וואָס וועט אימער לעבען ווייל זי דערצעהלט אונז ניט נאָר אַ שווידער־האַפטען קאַפּיטעל פון יענע געהיימע אידען אין שפּאַניען און

פּאָרטוגאַל, זאָנדערן זי איז אויך די שעהנסטע ביאָגראַפּיע פון אידען אין גלות אין אַלע צייטען, דען וואָס דערצעהלט אונז דער אַלטער סקאַרבאָווער ניגון פון „כל נדרי"? באַלד די ערשטע טענער פאַנגען זיך אָן מיט אַ סיגנאַל פון פערצווייפלונג אין אַ לאַנגען „אָאָאי" וואָס ציהט זיך מיט מרה־שחורה'דיגע זיסקייט ביז עס האַלט זיך אָב ביי דעם וואָרט „נדרי". אָבער, וואַרט, עס איז בלויז אַן הקדמה צום אידען'ס בראָך, דען די מעלאָדישע פערצווייפלונג פערגרעסערט זיך מיט אַ יאָמערליכע דבקות אין דעם מוזיקאַלישען איבערגאַנג. ווי קענען איינפאַכע טענער בע־סער אויסדריקען די קליינקייט פון מענשען וועלכער איז אַ פער־לאָרענער פּינטעלע צווישען צוויי אייביגקייטען ? ווי קענען טענער בעסער שילדערען דעם רעטענים פון מענשען וועלכער וואַנדעלט אַ קורצע צייט אויף אַ שטרויענעם בריק וואָס ציהט זיך פון וויעגעלע ביז'ן קבר ? היינט איז ער אויף דיזער וועלט, און מאָרגען קענען מיר ניט דערגרייכען אַפילו מיט אַ שפּאַקטיף דעם שאָטען וואו ער איז פערשוואונדען. ניטאָ קיין מענש ! די מעלאָדיע פון „כל נדרי" זאָגט אַלזאָ אַ סך פיר די גאַנצע מענש־הייט, אָבער פיר אונז אידען האָט דיזער טהייערער ניגון אַ ים ווערטער, דען ער דערצעהלט אונז אונזער אייביגען קאַמפּף אין די לאַנגע נאַכט פון גלות. דאָך דער איד איז קיין שאָפּענהויער, קיין ניטשע, צו זיפצען אויף אַלעם „מישטיינס געזאָגט", דען דער איד איז פון דער נאַטור אַן אָפּטימיסט, דאָס הייסט : ער האָט בטחון און לעבט מיט „גם זו לטובה", און דאַרום פערוואַנדעלט זיך דער טיעפער קרעכץ „אַנדאַטע" פון „כל נדרי" צום שלום אין אַ היימליכע „אַלעגרעטאָ", ווייל דעם אידען'ס מאָטאָ איז האָפען און וויעדער האָפען, זאָגאַר ווען ער שטעהט מיטביידע פיס אויפ'ן שוועל פון תהום ! אַלע נאַציאָנען לעבען און האָפען אָבער מיר אידען האָפען און לעבען.

דאָס אַלעס דערצעהלט אונז דער אַלטער „כל נדרי״, און מיר בעטאָנען „דער אַלטער״, ווייל מיר מיינען יעצט ניט די זאַגענאַנטע היינטמאָדישע „אַראַנזשירטע״ כל נדרי׳ס וואָס ענט־האַלטען מעהר פרעמדע פלאַנצונגען ווי אייגענע, און דאַרונטער מיינען מיר אויך טאַקי דער אַראַנזשירטער „כל נדרי״ פון מאַקס ברוך, דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר פון וועמען מיר האָבען גערעדט באַלד אין אָנפאַנג פון דיזען רעפעראַט. מיר ריידען דאָ פון דעם אַלטען, סקאַרבאָווען „כל נדרי״ אָהן פליטערלאַך און וואַר־יאַציאָנען פון קאָנסערוואַטאָריום, דער ריכטיגער טראַדיציאָנע־לער מוזיקאַלישער קרעכץ, אַ ניגון וואָס דערצעהלט אונז וואָס ווערטער קענען ניט אַרויסגעבען.

ווער ווייסט ? אפשר איז בייגעשטאַנען דער זכות פון די אונשטערבליכע מעלאָדיע אַלס אַ פאַנצער פאַר דעם טעקסט פון „כל נדרי״ וואָס די אַנטיסעמיטען האָבען געזוכט אָבצומעקען פון אונזער מחזור. זיי האָבען פערדאַמט „כל נדרי״ אַלס אַ גע־פעהרליכע בקשה, דען ווי באַלד דער איד קען מבטל זיין אַלע זיינע שבועות און נדרים אויף פיר דאָס קומענדע יאָהר — האָ־בען זיי געליאַרעמט — מעג דאָך דער איד אונבעשטראָפט זאָגען ליגען אַ גאַנץ יאָהר, שווערען פאַלש אין געריכט, און וואָס ניט ! נאַטירליך, זיי האָבען ניט געוואוסט, אָדער בעסער, זיי האָבען זיך געמאַכט ניט וויסענדיג אַז „כל נדרי״ איז געווען אַ מין ער־לויבענים פיר די געהיימע אידען צו מעגען נעהמען אַנטהייל אין גאָטעס־דיענסט יום כפור, דאָס הייסט, אַז איידער זיי שטעלען זיך אויסגיסען זייער הארץ פאַר גאָט, ערקלעהרען זיי אַז זיי זיינען אידען מיט לייב און זעעלע, ווייל אַלעס וואָס זיי האָבען פערשפּראָכען די גלחים, אַלעס וואָס זיי האָבען געשוואָרען צו די משחיתים פון דער אינקוויזיציאָן איז בטל און האָט קיין שום ווערטה. דיזע געהיימע אידען האָבען אויך געהאַנדעלט נאָך

אלעמען לויט די געזעטץ פון פעלקער וואס איז אייגענטליך א געזעטץ פון תלמוד אז: „א ו נ ס ר ח מ נ א פ ט ר י ה" דאס הייסט: ווען מען צווינגט אימיצען מיט געוואלד עפעס צו טהאן געגען זיין ווילען, געגען זיין געוויסען, און ער ווארפט עס דערנאך אראפ, האט ער פאלקאמען דאס רעכט אזוי צו טהאן זאלאנג עס איז אין הארמאניע מיט זיין ווילען, מיט זיינע עהרליכע איבערצייגונגען.

אבער פאר יעדען אנטיסעמיט וואס האט געוואלט „כל נדרי" באיקאטירען, האבען זיך געפונען אנדערע ליבעראלע קריסטליכע געלעהרטע וועלכע האבען זיך מיהע געגעבען צו פערטהיידיגען דיזע זאנדערבארע תפלה פון וועלכע די הערצ־רייסענדע מעלאדיע האט זיי בעצויבערט מיט א זיסען כישוף, און עס איז קיין צווייפעל, אז דער בעגייסטערטער ניגון האט מעהר ווי אלעס געדעטעט דיזע אינטראדוקציאן אין תרגום אין וועלכע עס ליעגט פערבארגען א שמערצליכער קאפיטעל פון די קאטהאלישע אינקוויזיציאן אין שפאניען און פארטוגאל. דאך, מיר אידען, ווי אויך די קריסטליכע וועלט קוקען היינט אויף „כל נדרי" ניט נור אלס א סאוועניער פון שפאניען, זאנדערן אלס די מוזיקאלישע ביאגראפיע פון אידישען פאלק.

אה, א ביאגראפיע אין טענער פון א גאנצע נאציאן, און נאך אין אזא קורצע קאמפאזיציאן דערצו — אט דאס אליין איז דער בעסטער בעווייז אז דער וואהרער מוזיקאלישער טאלענט האט ניט צו טהאן מיט שטודיום־קולטור, מיט שוהל־טעכניק, פור־גען, הארמאניע, מאדולאציאן, אפאדזשיאטורען, טרילס און אנ־דערע מוזיקאלישע לומדות וואס א מוזיקער מוז היינט קענען איידער ער געהט עפעס אנשרייבען, און ערשט דאן וויל עס דער עולם ניט אננעהמען... א אמת'ער מוזיקער וואקסט ארויס גאר אהן נאטען, פונקט ווי א גרויסער פאעט קען אויפבליהען גאר אהן

א דיפּלאָמאַ, אָהן גראַמאַטיק, און אָהן אַ אוניווערזיטעט. דער פּערפאַסער פון „כל נדרי" האָט געבליהט אַ צייט איידער עס האָט געלעבט דער איטאַליענער גויי ד'אַרעצאָ וועלכער איז דער פאָטער פון דעם יעצטיגען מוזיקאַלישען אלף־בית — נאָטען, און דאָך האָבען אידען אויפבעוואהרט גאָר אָהן נאָטען די מוזיקאַלישע אוצרות פון דעם אידען'ס „אי".

וואָס איז דער וואונדער ? דעם מענשען'ס הארץ האָט ניט קיין גראַמאַטיק, די ריינע מוזיקאַלישע נשמה דאַרף ניט קיין נאָטען, און די געפליגעלטע געדאַנקען פון דעם אמת'ען דענקער קענען זיך בעגעהן גאָר אָהן אַ דיפּלאָמאַ. אָט דאָס מורמעלט צו אונז „כל נדרי" וואָס איז דעם אידען'ס שעהנסטע ביאָגראַפיע אויסגעדריקט אין מעלאָדישע דבקות און וואָס וויקעלט אויס פאַר אונז יום כפור אין די זעלבע צייט אויך אָט יענע טראַגעדיע פון די געהיימע אידען אין שפּאַניען וועלכע זיינען געוועזען קריס־טען פון מורא וועגען, אָבער וועלכע זיינען געוועזען הייסע אידען אין דער שטיל, און זיי האָבען מבטל געוועזען זייערע קריסטליכע שבועות אין קירכע מיט אַ מוזיקאַלישען געוויין וואָס מאַכט אַ שטורם אין יעדע אידישע נשמה אין אַלע צייטען און אַלע דורות.

# דער רעדנער און זיין קונסט

צו זיין א רעדנער פאר איין עולם אין אידיש אָדער אין ענגליש אָדער אין אבי וועלכע שפראך, דארף מען פעראייניגען איניגע קינסטע צוזאמען. נעהמט למשל א ליעד : דער קאָמ־פאָזיטאָר פערפאסט די מוזיק, דער פּאָעט בעקליידעט דיזע מע־לאָדיע מיט ווערטער, און דער זינגער זינגט עס מיט זיין שטי־מע. דער רעדנער מוז דאָס אלעס צוזאמען פעראייניגען אין ער אליין. אויב ער וויל ווערען א גרויסער אָראטאָר, דארף ער צו־ערשט בעשאפען די געדאנקען וואָס ער געהט פאָרשטעלען אויף דער בימה אָדער אויף דער פּלאטפּאָרמע : ער דארף דיזע גע־דאנקען בעקליידען מיט שעהנע קלינגענדע ווערטער — און ער אליין מוז דיזע ווערטער פאָרטראָגען מיט די זעלבע פּינקט־ליכקייט ווי א זינגער זיין ליעד.

יעדער איינציגער פון דיזע טאלאנטען פון גוטע רעדנער איז זעהר וויכטיג : די געדאנקען וואָס דער רעדנער וויל ארויס־געבען מוזען זיין קלאָהר און לעבעדיג, די שפראך מוז זיין ריין און שעהן צוזאמענגעשטעלט, די שטימע דארף זיין קלינגענד, און די תנועות פון רעדנער מוזען זיך צופּאסען צו די ווערטער. עס זיינען דאָ בלויז צוויי רעדנער צווישען צעהן־טויזענד, וועל־

כע בעזיטצען דיזע אַלע מעלות מיט אמאָל, און דאַרום איז אַ גאַנץ גרויסער רעדנער זעלטען ווי אַ בלום אין דער מדבר.

## די שפּראַך פון אַ רעדנער

ווען אַ אידישער רעדנער אין אַמעריקא רעדט צו איין ־יוב־ליקום אין ענגליש, מוז ער געברויכען אַ שעהנע ענגליש, ווייל זאָנסט מאַכט ער זיך לעכערליך. ווען דער רעדנער רעדט צו איין עולם אין אידיש, מוז ער געברויכען אַן עלעגאַנטע אידיש וואָס זאָל זיין פערשטענדליך צו אַלע פערשידענע קלאַסען אידען, רו־סישע, ליטווישע, רומענישע, גאַליציאַנער, א. ז. וו. ווייל אין קיין לאַנד פון דער וועלט שפּיגעלט זיך ניט אָב אַזא מין דור הפלגה פון אידישע דיאַלעקטען ווי ביי אונז אין די פעראייניגטע שטאַאטען. די שפּראַך פון רעדנער מוז דאַרום זיין עלעגאַנט געשניצט און פּאָלירט. איהר מעגט פריידיגען די שעהנסטע גע־דאַנקען, פערלירען זיי זיך אויב איהר גיט זיי ניט איבער אין אַ שעהנע־קרעפטיגע און פרעכטיגע אידישע שפּראַך וואָס איז בעליעבט ביי אַלע קלאַסען אידען ווי עס בעווייזט דער גרויסער ערפאָלג פון אַ גוטען אידישען רעדנער און אַ גוטער אַרטיקעל אין אַ אידישען בלאַט, וואָס ווערען בעוואונדערט און געשעצט כמעט פון אַלע אידישע נאַציאָנאַליטעטען אין אַמעריקא מיט אַן אויסנאַהמע פון די אידען וואָס ריידען שפּאַניש, אַראַביש, פראַנצויזיש און עהנליכע שפּראַכען וואָס האָבען גאָר ניט צו טהאָן מיט אונזער אידיש־דייטש.

איהר וועט אפשר פרעגען : וואָס איז דער סוד צו גע־ברויכען אַ שעהנע בלומען־שפּראַך פאַר'ן עולם ? עס איז גאַנץ איינפאַך ! דענקט שעהן, וועט איהר ריידען שעהן, ווייל ווערטער זיינען דאָך ניט מעהר ווי אַ מאַנטעל אין וועלכען

איהר וויקעלט איין אייערע געדאַנקען. ווען איהר דענקט פון שעהנע זאַכען, וועט איהר צו זיי געפינען שעהנע ווערטער.

נאַטירליך, מיט איינע אָדער צוויי רעדעס קענט איהר ניט ערוואַרטען צו פאַלירען אייער שפּראַך. ווען מען וויל ווערען אַ שמיעד מוז מען האַקען מיט'ן אייזען, און ווי אונזערע דייטשען זאָגען „איבונג מאַכט דען מייסטער". איהר זוכט אַזוי לאַנג אין ריידען די שעהנע געקליבענע ווערטער, ביז זיי זוכען אייך אויף, און זיי פליהען אַרויס לייכט פון אייער מויל ווי לעבעדיגע פערל.

## די קונסט פון שילדערן

נעכסט צו אַ שעהנע שפּראַך קומט די קונסט צו שילדערן, ווייל אָהן די קונסט פון שילדערן, קען די רעדע ניט זיין געראָטען ווען איהר זאָלט אפילו געברויכען אַ אמת-שעהנע שפּראַך ווי דר. מאַקס נאָרדוי אָדער וויליאַם דזש. ברייען.

עס קען זיין אַז אייער רעדע איז געוואַלטיג אינטערעססאַנט אָהן שילדערונג, ווייל איהר דערצעהלט דעם פובליקום מערקווירדיגע פאַקטען וואָס דער עולם וויל וויסען, אָדער איהר האָט פאַר זיי אַן אוצר פון העכסט אינטערעסאַנטע ציפער און דאַטומס; איהר דאַרפט אָבער ניט פערגעסען אַז מיט אייערע פאַקטען רעדט איהר צום קאָפּ פון עולם, אָבער ניט צו זייער ה א ר ץ, און איהר קענט נור דאַן צימבלען אויף די געפיהלען פון אייער אוידיענץ ווען איהר רעדט צו זייער ה א ר ץ. אייער עולם וועט אַראָבשלינגען אַ גאַנצע ביבליאָטהעק מיט סטאַטיסטיקס, ציפער, אַרגומענטען, מדרשים און גלייך-ווערטלאַך פון פילאָזאָפען מיט וועלכע איהר פוצט אויס אייער רעדע;

אָבער דאָס אַלעס קען ניט בעגייסטערען אַ פּובּליקום. בּלויז איין געטליכער פונק צום הארץ, איין געשריי וואו עס בעט זיך, קען אויפשטעלען אייער גאנצען עולם אויף די פיס מיט אַ וויל־דע בעגייסטערונג אַז די וועגט קראַכען פון די בּראַוואָ־פּאַטשעריי לכבוד אייער טאַלאַנט.

עס איז אמת, אַז מען מוז אויך זעהר אָפט אין אַ רעדע געבען פאַקטען און ציפער. אָבער דאָס מוז מען אריינ׳גנב׳ענען לאַנג־זאַם און פערציערט צווישען מיט אַ וויטץ, מיט אַנעקדאָטע, אַ פּאָלקס־מעשה׳לע אָדער מיט אַ משל. די הויפט־זאַך איז אָבער ריידען צום הארצען. די ענדע פון אַ רעדע — די „פּעראָריישען" ווי מען רופט עס אין ענגליש — מוז אימער אַפּעלירען צו דער נשמה פון פּובּליקום, ניט צו זייער שכל, דען ווען דיזער קנאַק צום סוף פון אייער רעדע איז ניטאָ, מעגט איהר זיכער זיין אַז אייערע צוהערער זיינען געבליבען קאַלט ווי אייז, און זיי וועלען געוויס ניט אַזוי גיך לויפען אייך ווידער הערען.

## די תנועות פון רעדנער

אָבער ווארט, מיט אַ שעהנע שפּאַך און מיט שעהנע שיל־דערונג זייט איהר נאָך ניט „יוצא" ווען איהר ווילט אויסנעהמען מיט גרויס ערפאָלג. איהר מוזט אויך וויסען ווי דיזע שעהנע שילדערונג איבערצוגעבען מיט געשמאַק און מיט די בעגלייטונג פון די ריכטיגע „מימיק" אָדער תנועות, אַז אייער בעגייסטערונג זאָל זיין אַ נאַטירליכע ניט קיין געמאַכטע.

עס קען ניט זיין מעהר לעבערליך ווי אַ רעדנער, וועלכער מאַכט נארישע אָדער פאַלשע בעוועגונגען, וואָס פּאַסען ניט זיין פּערזאָן אָדער זיין שטימע. עס איז אויך זעהר וויכטיג אַז דער רעדנער זאָל וויסען ווי צו ריידען הויך און דאָך ניט היי־

זעריג ווערען. עס זיינען דא רעדנער, וועלכע „רייסען זיך ניט דעם פעלץ” אפילו א ברעקיל, און דאך הערט מען זיי גאנץ גוט. פערקעהרט, מיר זעהען א סך ניט־געניטע רעדנער, וועלכע רייסען זיך דעם גארגעל מיט אלע כוחות און ווערען אויך באלד הייזעריג — און דאך קען מען זיי ניט הערען אין אלע ווינקעלאך פון זאל. דער אונגליק מיט דיזע רעדנער איז, וואס זיי ווייסען ניט ווי צו עטהמען, ווען זיי שווייגען,און ווי צו ציהען דעם אטהעם ווען זיי ריידען. זיי שטרענגען זיך אן צופיעל אין ריידען, ווייל זיי ציהען ניט אריין דעם אטהעם טיעף אין די לונגען, נור זיי עטהמען פון אויבען. ווען איהר עטהעמט טיעף אין די לונגען, דארפט איהר קענען ריידען אפילו א האלבען טאג און ניט הייזעריג ווערען.

טיעף עטהמען העלפט אייך ניט נור די שטימע, זאנדערן אויך די גאנצע געזונדהייט. אדרבא, פראקטיצירט מיט אייער אטהעם פינף מינוטען איינינע מאל אין טאג, און איהר וועט איבערראשט ווערען פון די שטארקייט פון אייער שטימע. דער מאגען איז א גרויסער מחותן מיט אייער שטימע, און ווען אייער מאגען איז נישט מיט אלעמען, קען אייער שטימע ניט האבען די שטארקייט און די מתיקות, וואס מען ערווארט פון אייך.

## דארף מען לעזען א רעדע?

זאל מען אויפשרייבען א רעדע אויף פאפיער? אונזער ענטפער איז „יא!” און וואס מעהר מען שרייבט איבער די רעדע איז אלץ בעסער זי אריינצונעהמען אין קאפ. אבער לעזען פון פאפיער פאר דעם פובליקום איז ניט שעהן. דאס וואס מען לעזט פון פאפיער קען קיין רעדע זיין. ווען איהר שרייבט איבער איי־ניגע מאל א רעדע וואס איהר דארפט האלטען, ווערט איהר מעהר

בעקאנט מיט'ן גערעק, מיט די ווערטער און עם העלפט אייך זעהר פיעל דערנאך, ווען איהר האלט-ריזע רעדע פאר'ן פובליקום. ווען איהר האט אייער רעדע איבערגעשריבען איינגע מאל, קענט איהר זיכער זיין אז איהר וועט זיך ניט פערליערען, און איהר וועט ניט צוטומעלט ווערען. איהר וועט אפשר ניט געדענקען די זעלבע ווערטער מיט וועלכע איהר האט אייער רעדע אנגעשריבען; אבער איהר קענט ניט פערגעסען דעם אינהאלט פון דאס, וואס איהר האט פארברייטעט.

דער בעסטער רעדנער, וועלכער רעדט אויסווענדיג טאר זיך ניט אוועקשטעלען ריידען פאר אן עולם איידער ער האט זיך צוגעגרייט וואס ער האט צו זאגען, ניט פערלאזען זיך אויף נסים אז „ער וועט שוין וויסען וואס צו זאגען ווען ער וועט האלטען אין ריידען". דאס איז א נארישער טעות, וואס האט שוין געקאסט טהייער מעהר ווי איין גוטען רעדנער. די בעסטע זאך איז אלזא פריהער אויפצושרייבען איינגע מאל די גאנצע רעדע, אדער ווייניגסטענס די הויפט-פונקטען, מען זאל זיך ניט פערליערען, ערשט דאן ווען איהר ווייסט גענוי, וואס איהר ווילט אייער פובליקום דערצעהלען, מעגט איהר זיך צולאזען ביי א געוויסען פונקט, אויב איהר פיהלט נור אז איהר זייט אין קורראזש, און זיך פערלאזען אויף אייער בעגייסטערונג צו ריידען דאס וואס פאלט אייך אריין אין מויל. איהר מוזט אבער באלד צוריק קעהרען צו אייער פונקט — אום ניט צו פערגעסען מאנכע פונקטען.

מאנכע מענשען ווערען פערטומעלט ביי דעם געדאנק אליין, אז זיי דארפען געהן האלטען א רעדע ביי א געוויסע געלעגענהייט, און זיי פרעגען זיך אליין:

— וואס זאגט מען? ווי פאנגט מען אן?

דער זעלבער מענש, וועלכער ווייס ניט ווי אנצופאנגען

זיך צוגרייטען צו האַלטען אַ רעדע, אַז דער זעלבער מענש קען געהן צו זיין שכן ווענען אַ געוויסע שליחות און איהם זאָגען וואָס ער וויל. טהוט מיט דעם גאַנצען פּובליקום, פּונקט ווי איהר טהוט מיט אייער שכן. פּונקט ווי איהר גיט איבער צו אייער שכן דאָס, וואָס איהר ווילט איהם זאָגען, דאָס זעלבע טהוט מיט'ן עולם, און אויב איהר ווייסט נור וואָס אייער „מעסעדזש" איז, מוז אייער רעדע זיין גוט.

## אידישע רעדנער אין אַמעריקא.

ניו יאָרק, די גרעסטע שטאָדט פון די גרעסטע רעפּובליק פון דער וועלט, גיט אונז דעם בעסטען ביישפּיעל, ווי אַזוי די רעדנער־קונסט ביי אידען האָט אין איין בליהען, און אַ גוטער אידישער רעדנער איז קיין מאָל ניט אַזוי הויך געשטאַנען ביי אונז אין לאַנד ווי יעצט. דער געשמאַק פון אידישען עולם האָט זיך ענדליך אויסגעבילדעט דאָ אין לאַנד צו פערשטעהן דעם גרויסען חילוק צווישען אַ פערצייטיגען דרשן און אַ היינטיגען רעדנער. דער אמת'ער רעדנער היינטיגע צייטען וואָס איז בע־ליעבט, איז ניט דער מאַן וועלכער שיט פון אַרבעל מיט מדרשים, פּסוקים, שטיקער גמרא צו בעווייזען זיין לומדות; דער אמת'ער רעדנער איז אַ מאַן וואָס ווערט בעגייסטערט ווי אַ נביא און שטורעמט הערצער מיט זיין שפּראַך אַליין. גאָר אָהן בקיאות, אָהן פּלפּול און זאָגאָר אויך אָהן משלים.

דער פּלאַץ פון אַלט־מאָדישען מגיד און דרשן איז אין בית המדרש בין מנחה למעריב, אָבער ניט אויף דער פּלאַט־פאָרמע, פון וואַנען מען דאַרף אויך רעדען צום יונגען דור.

אונזערע נביאים, די ערשטע און גרעסטע אַרכיטעקטען פון די רעדנער־קונסט, האָבען אונז געגעבען דעם ערשטען ביישפּיעל

ווי ריכטיגע רעדעס זעהען אויס, עס איז ניטאָ אין קיין שפּראַך קיין שעהנערע רעדעס ווי די וואָס ישעיהו און ירמיהו האָבען געדונערט אין זייער צייט ; עס איז ניטאָ קיין מעהר מאַיע־סטעטישע רעדע ווי משה׳ס אין „האזינו" און קיין פאָלק האָט אויפגעוואוייזען א מעהר שטורמיגען הספד ווי די טרויער־רעדע פון דוד אויף שאול און יהונתן. עס איז אַלזאָ ניט מעהר ווי רעכט אז דער אידישער רעדנער פון היינט זאָל צוריק קעהרען צו דעם גייסט פון אונזערע ערשטע רעדנער — שטורמען די הערצער פון עולם מיט שפּראַך, געדאַנקען און מליצה.

## ערשטע רעדנער ביי גרעקען

נעכסט צו די אידען וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט אין די אַלטע צייטען אין די קונסט פון האַלטען רעדעס, קומען די גרעקען. אייניגע פון די רעדעס פון פּעריקלעס און דעמאָס־טהע־נעס וואָס זיינען אָנגעקומען ביז אונזער צייט, זיינען אָהן א צווייפעל אַ מוסטער פון גלאַנץ.

עס איז שוין 2300 יאָהר זינט פּעריקלעס האָט געבליהט אין גריעכענלאַנד, אָבער די שטראַהלען פון זיין רעדנער־קונסט שיי־נען נאָך און וועלען נאָך לאַנג גלענצען. ניט דאָ איז דער פּלאַטץ צו שרייבען ביאָגראַפיעס פון גדולים, אידישע אָדער אַנדערע. מיר וועלען דאָ נור בעמערקען אז פּעריקלעס איז געווען אַ מערק־ווירדיגער מושלם : סאָלדאַט, דיפּלאָמאַט, פילאָזאָף, שריפט־שטעלער און רעדנער — כמעט ווי אונזער טהעאָדאָר רוזוועלט וועלכער בעזיצט אויך דיזע אַלע מעלות, אָבער ניט גרינדליך, און רוזוועלט אַליין האַלט זיך געוויס ניט פיר איין ערשטע קלאַס רעדנער אָדער שריפטשטעלער. נור מיר ריידען יעצט פון פּע־ריקלעס, וועלכער וואָלט געוויס זיך געקענט מעסטען אויף דער

פלאטפארמע אפילו מיט אזעלכע רעדנער ווי גלאדסטאן, גאמ־בעטטא, וועבסטער, ברייען, און דר. מאקס נארדוי. זיין מליצה איז געווען ואונדערבאר, זיין בעגייסטערונג מאיעסטעטיש און זיין שטימע אמת־מעלאדיש.

דעמאסטהענאס, וועלכער האט געלעבט מיט הונדערט יאהר שפעטער האט געהאט א שטארקע שטימע און א בעסערע מימיק, אבער אין פייערדיגע מליצה האט פעריקלעס איהם איבער־געטראפען.

## די גרויסע רעדנער ביי אנדערע נאציאנען

אין רוים האט די רעדנער־קונסט געגרייכט די העכסטע שטופע אין די צייטען פון ציצערא וועלכער איז געווען ארומ־גערינגעלט מיט א גרופע רעדנער. די גרעסטע רעדנער אין ענג־לאנד, לארד טשאטהאם, פיט, פאקס, באירק און שערידאן; די גרעסטע פראנצויזישע רעדנער, וואס זייערע נעמען זיינען צו־זאמענגעבונדען מיט די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציאן און די בעריהמטע אמעריקאנער רעדנער ווי דניאל וועבסטער, הענרי קלעי, דזשאהן ס. קאלהון, און אנדערע, יעדער פון זיי האט גוט צוגעגרייט זיין רעדע שווארץ אויף ווייס איידער ער האט עס גע־האלטען אויסוועניג. דאס זעלבע טהוט אויך דער גרעסטער יא־פאנעזישער אראטאר באראן; קומא, און כינא'ס גרעסטער רעד־נער וואו־טינג־פאנג.

די קונסט צו ריידען איז א שווערע, אבער איהר בעלוינונג איז פרעכטיג, איבערהויפט ביי אונז אין אמעריקא וואו פאר'ן גרויסען רעדנער שטעהען אפען אלע טיהרען פון גדולה און הצלחה. דער גרויסער אראטאר מאכט ציטערען וועלטען און טרייסעלט נאציאנען. עפעס א קלייניגקייט וועלכע גבורות דער

מענש קען בעווייזען דורך א שעהנע שפראך! עפעס א קליי־ניגקייט וואס די רעדנער־קונסט קען אויפטהאן ווען זי ווערט איבערגעגעבען אין א נאבעלע שפראך!

דורך די שעהנע שפראך און קונסט האט דער נביא ישעיה ארויסגעריסען טרעהרען פון די מלאכים אליין (מלאכי שלום מר יבכיון) און פעריקלעס האט געמאכט לאכען די גריכישע געטער. דורך די שעהנע שפראך און קונסט האט רות המואביה געזיפצט ווי א פערוואונדעטע טייבעלע, און דער גרויסער שעקספיר האט פערטומעלט דעם ים אוקינוס.

דורך די שעהנע שפראך און קונסט האט דער חומש גע־מאכט וויינען א וועלט מענשען. די דראמאטישע ערצעהלונג פון מכירת יוסף, און דער גרויסער געטהע האט זיך גערייצט מיט'ן גיהנום.

דורך די שעהנע שפראך און קונסט האט איוב אראבגע־בראכט גאט אויף דער ערד (קאפיטעל 38) און מאזעס מענ־דעלסזאהן האט געבויט א לייטער פון דער ערד ביז'ן הימעל.

דורך די שעהנע שפראך און שעהנע קונסט האט אונזער תהלים געמאכט ריידען די גאנצע נאטור (אין ברכי נפשי), און הענריך היינע האט פערשלעפערט די ענגלען.

דורך די שעהנע שפראך און שעהנע קונסט האט חבקוק דערשראקען די בערג, אבגעשטעלט די זונן, און וויקטאר הוגא האט זיך גע'סוד'עט מיט א בלום.

דורך די שעהנע שפראך און שעהנע קונסט האט ר' יהודה הלוי ארייגגעגעבען א שפראך אין ירושלים'ס שטיינער, און לאנגפעללאו האט אריינגעגעבען א זעעלע אין ראזען.

ווען אונזער גרויסער געזעץ־געבער, משה, האט געהאלטען פאר'ן פאלק זיין רעדע וואס האט צו זיך קיין גלייכען, האט ער צוערשט זיך געוואונשען עס זאל איהם בעגליקען אז די שעהנע

שפּראַך זאָל פליסען פון זיין מויל ווי דער פרישער מאָרגען־טהוי (תזל כטל אמרתי) — און זייט דאַן איז דער וואונש געבליבען אַ פייערדיגער פּראָגראַם פיר אַלע רעדנער פון אַלע צייטען!
יא, משה איז געווען דער ערשטער וועלכער האָט אונז פער־אינטערעסירט אין דריי ווערטער מיט דעם מאַיעסטעטישען גלאַנץ פון אַ שעהנע שפּראַך, מיט איהר פייער, איהר פיבער, איהר זיסקייט און איהר כישוף.

---

(אויסצוג פון בלויז אַ טהייל פון דער הקדמה פון פּראָפ. זעליקאָוויץ צום „אידיש - אַמעריקאַנישער רעדנער" וואָס ער האָט רעדאַקטירט און אַרויסגעגע־בען פון דער „היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני", נויאָרק, 1906. עס האַלט יעצט ביי דער צעהנטער אויפלאַגע). לאַגע).

# מוזיק און קאטצען־יאמער

עס איז א פאקט אז אין די טענעמענט־הייזער אין אידישען קווארטאל איז כמעט ניט דא א וואהנונג וואס זאל ניט האבען א פיאנא, און אין קיין פלאץ ווערט די ארימע פיאנא ניט אזוי פיעל געמאטערט און געפייניגט ווי אין דיזע אידישע געגענד וואו יעדע מיידעל קיצעלט אדער קולאקעט די פיאנא אהן רחמנות. וואס זאל די פיאנא טהאן ? זי קען נור ענטפערען מיט א ברום אדער מיט א קרעכץ, דען די פיאנא איז ווי די פעדער : עס ווענדט זיך ווער דער שרייבער איז וועלכער האלט די פעדער אין האנד : ווען א פערזאן מיט טאלאנט און געפיהל זעצט זיך נעבען פיאנא, דאן גיט דיזער אינסטרומענט ארויס א שטראם מעלאדיע און זיסע קנייטשען, פונקט ווי מען וואלט ארויפשיטען א הויפען פערל אויף א גאלדענע הארפע. אבער ווען עס זעצט זיך אוועק נעבען אינסטרומענט א פערזאן אהן געפיהל און אהן טאלאנט, דאן הערען מיר בלויז ווי מען בוכצעט אויף נאטען, און אנשטאט מוזיק הערען מיר א מין טרא־לא־לא וואס קען איבערשרעקען אפילו א קאטץ !

די ווייסע צייהנער פון פיאנא קענעו נור דאן ריידען א שעהנע שפראך, ווען איהר גיסט אריין אין זיי א טהייל פון אייער זעלע.

ווען די ארבייט פון טאג איז אבגעטהאן, איידער מען געהט אנצינדען די געז, און איהר קוקט דורכ'ן פענסטער ווי עס ווערט נאכט, דאן איז געבענשט די פערזאן וואס געהט צו צום פיאנא און פערוואנדעלט דיזע אבענד־שטונדע אין פאעזיע, אויב די

פערזאָן שפּיעלט די טיעפע נאַכט־געדאַנקען פון שאָפּין, די האַניג־זיסע ליעדער פון שוהמאַן, די אָריענטאַלישע זיפצען פון רובינ־שטיין, די פילאָזאָפישע שירים אָהן ווערטער פון מענדעלזאָהן, די געפליגעלטע רעיונות פון בעטהאָווען, אָדער זאָגאר אפילו ווען דאָס איז אַ אידישע מעלאָדיע דורכגעוועבט מיט סקאַרבאָווע פּעדים און מיט עכט־אידישע שטייגער. אָט אַזעלכע מוזיק, ווען מען שפּיעלט עס מיט געפיהל, מאַכט רייך די געדאַנקען פון דעם, וואָס הערט עס און זעצט אַרויף פליגלען אויף זיין איינבילדונג. נור ווען צו דעם צוהערער, ווען די פּערזאָן וואָס זיצט ביים פּיאַנאָ האָט אַ פולען קאָפּ מיט נאָטען, אָבער ביי וועמען דער אויער איז פערקלעפּט מיט מאָך, אַ פּערזאָן וואָס האָט אַ זעהר שוואַכען געפיהל און זעהר שטאַרקע פינגער צו פּויקען, די פּיאַנאָ מאַכט דאַן אויפ'ן צוהערער אַזאַ שלעכטע ווירקונג אז ער ווערט זעהר אָפּט אַ ביטערער פיינד פון מוזיק, און ער פערדאַמט די גאַנצע פילאָזאָפיע אין טענער.

די גמרא דערצעהלט (אין סנהדרין) אז ווען איינער ער־קלעהרט ניט ריכטיג אַ פּסוק פון דער תורה, דאַן פערקליידעט זיך די תורה אין טרויער און שרייט אויס: „רבש"ע, עשוני בניך ככנור שמנגנים בו לצים", „אַך גאָט! זעה וואָס דיינע קינדער האָבען פון מיר געמאַכט, איך זעה אויס אין זייערע הענד ווי אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט אויף וועלכען אַלץ גיט אָב קאָנ־צערט." ווי ריכטיג דער משל איז! ווען אימיצער נעהמט אַ מעלאָדיע און פערקריפּעלט עס אונטער ליימענע פינגער, פער־טרייבט ער פון אייך דעם געשמאַק צו ריינע מוזיק, און ווען איי־נער נעהמט אַ שעהנעם פּסוק פון תנ"ך און מאַכט עס פיר אַ קאַ־ליקע אום צו זאָגען אַ פּשט'ל, דאַן פערדונקעלט ער די שטראַלען פון גאָט'ס אַלבום, די תורה, און זי האָט ווירקליך וואָס צו טרוי־ערען.

נאטירליך מיר מיינען יעצט די זאַגענאַנטע קאָנצערט־געבער וועלכע ווילען אונז אַמוזירען מיט זייער קונסט וואָס זיי האָבען ניט. מיר ציעלען אָבער ניט מיט פּרעטענזיעס צו קינדער אָדער ערוואַקסענע פּערזאָנען וועלכע פּראַקטיצירען זייערע פינגער אויפ'ן אינסטרומענט און וועלכע זיינען אָפּט געצוואונגען צו ווייזען וואָס זיי קענען, אויפ'ן פערלאַנג פון עלטערען אָדער פריינדע. מיר ריידען יעצט פון די זאַגענאַנטע פּראָפעסיאָנעלע וועלכע „קענען שוין" אָפּקלאַפּען די „אוהו הו־הו פאָלקאַ" דעם „מאַרש פון דער בלינדער קוה", „דער חסיד'ל אין פּאַנטאָפעל" אָדער אַ ליעד פון אַ ניגער מיט רויטע האָר וואָס עסט חלה מיט פּיקעל.

אין הונדערטע הייזער איז מען איינגעוואָהנט צו „שפּיעלען" די פינסטערע שטאָף פון יאַלע־יע אַמעריקאַנישע קאָמפּאָניסטען וועלכע האָבען קיין מוזיקאַלישע ערציהונג גענאָסען און האָבען אויך קיין נאַטירליכע בעגייסטערונג. זיי ליפערען „מוזיק" אויפ'ן געוויכט, און די זאַגענאַנטע אידישע „לעהרער" אויף דער איסט סייד רעקאָמענדירען צו קויפען דיזע מוזיק, ווייל זיי אַליין פערשטעהען ניט עטוואָס בעסערס. אזוי האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין ניו יאָרק אַ דור מוזיקאַנטען וועלכע פּויקען טאָג און נאכט אויף די אָרימע פּיאַנאָ וואָס בעט זיך רחמים. יעדע שפּיעלערקע באַראַבאַנעט פּונקט ווי זי וואָלט געהאַט פּיער פויסטען, און העלפט נאָך אונטער מיט די מאָרדע און מיט'ן פּאַטילניצע.

מיר האָבען אייך געפרעגט באַלד אין אָנפאַנג: וואָס איהר שפּיעלט.

פרעגט אייערע שכנים וועלכע זיינען נעבאַך פעראורטהיילט צו הערען די שוידערהאַפטע „שטיקער" וואָס מען רופט מוזיק.

# שרייבען א ראָמאַן

עס האָבען זיך בעוויזען די לעצטע פּאָר יאָהר נייע פּער־פאַסערס וועלכע רופען זיך „רעאַליסטען" און זיי ווילען דעם ראָמאַן שלעפּען צוריק. זיי זאָגען אז דער פּערפאַסער דאַרף זיך ניט בעשעפטיגען מיט די גרויסע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס פון מענשען'ס לעבען, נור מיט קליינע איינצעלהייטען, און ווען איהר שרייבט ניט ווי זיי ווילען, רופען זיי עס „שונד ראָמאַן".

לאָמיר אַלזאָ געבען א קורצען בליק צווישען א שונד פּער־פאַסער" און א רעאַליסטישען שרייבער:

פון וואַנען נעהמט אייגענטליך דער אמת־גוטער פּערפאַסער זיין ראָמאַן? פון לעבען! ער זעהט אין לעבען ווי מענער און פרויען פערליעבען זיך ביז טויט און דערנאָך האַסען זיי זיך פּלוצלונג ביז טויט, ער זעהט ווי מענשען ווערען פּלוצלונג דער־הויבען און דערניעדריגט, איינינע ווערען רייך איבער נאַכט, אַנדערע לייגען זיך רייך און ווען זיי שטעהען אויף אין דער פריה האָבען זיי אַפּילו ניט אויף א טאָרבע. ער הערט ווי מענשען ערמאָרדען זיך איינע די אַנדערע פון צייט צו צייט, אַנטלויפען מיט יענעמ'ס ווייב, שרייבען ביכער, בעגעהן זעלבסט־מאָרד, בע־זינגען די זילבער־ווייסע לבנה, פערליערען זייער לעבען אויפ'ן ים, אָדער אויפ'ן שלאַכט־פעלד, מאַכען זיך קאָמפּלימענטען אין די אויגען, אינטריגעס הינטער'ן רוקען, כאַפּען פּעטש און גיבען צוריק.

דיזע אַלע בילדער זיינען קיינע פאַנטאַזיעס, נור גענומען פון לעבען, דען זיי טרעפען יעדען טאָג. דער פערפאַסער פון אַ ראָמאַן קלייבט זיך אויס אַ האַלב טוטץ אַזעלכע טראַגעדיעס, אַ צעהנדליג קאָמעדיעס און ער פלעכט זיי צוזאַמען אין אַ שעהנע עהכסט אינטערעסאַנטע ערצעהלונג.

אָבער וואָס טהוט דער רעאַליסט ווען ער שרייבט אַ ראָמאַן? ער לאָזט צורוה די גרויסע טראַגעדיעס און קאָמעדיעס פון לע־בען, ער לעגט זיך נור אָפּ אויף די קליינע איינצעלהייטען פון די העלדען, ווי למשל דער פערליעבטער האָט איינינע מאָל גע־סאָפּעט ווען ער איז אַרויף אויף די טרעפּ, ווי זיין האַנד האָט גע־ציטערט ווען ער האָט אָנגעקלונגען, ווי ער האָט אָבגעשאָקעלט די אַש פון זיין ציגאַר, ווי זי האָט געקוקט אויף איהם ווען ער האָט געקוקט אויף איהר ווען זי האָט אָנגעגאָסען די טהעע, ווי די קאַטץ האָט זיך געלאַנגווייליגט אין אַ ווינקעל און ווי די האַלב־אָפענע טיהר האָט געסקריפּעט ! מיר זאָגען ניט אַז דיזע קליינע איינצעלהייטען דאַרפען גאָר קיין ראָלע שפּיעלען אין אַ ראָמאַן. מיר ווייסען אַז מיט אַ שעהנעם טאַלאַנט קען מען פון דיזע קליי־ניגקייטען אָפט מאַכען גרויסע קונסט־זאַכען — אָבער פאַרוואָס זאָלען דיזע באַנאַטעלען שפּיעלען די הויפּט־ראָלע אין אַ ראָמאַן ווי די רעאַליסטען ווילען ? און וואו איז דער ראָמאַן אַליין ? ווי קען זיין אַ חופּה אָהן אַ כלה?

קליינע איינצעלהייטען זיינען זעהר זעלטען אינטערעסאַנט, און זייט נח איז אַרויס פון תיבה האָבען זיי נאָך אַלץ דעם זעל־בען פּנים. ווען מען וויל שרייבען אַ גוטען ראָמאַן וואָס זאָל פער־אינטערעסירען, קען מען ניט אָנפילען אַ גאַנצע בוך מיט אַ העלד ווי אַזוי ער געהט אַלע טאָג אין אָפיס, אָדער בעשרייבען די איינ־צעלהייטען פון אַ פרוי ווען זי געהט יעדען טאָג קויפען אַ הערינג, אָדער ווי אַ „קלעזמער" רעדט נבול פּה אויף אַ חתונה, אָדער

ווי אַ שוחט גיט 25 דאָלער אַ רב פיר אַ דיפּלאָמע צו קוילען אַ גאַנז, אָדער ווי אַ טאַטע הייסט זיין זוהן וואוטען דעם רע־פּובליקאַנישען טיקעט!

אמת, אַז עס פאָדערט זעהר פיעל טאַלאַנט צו בעשרייבען ריכטיג אַזעלכע אינצידענטען, אָבער, עס איז ניט אינטערע־סאַנט, און קיינער וויל עס ניט לעזען. דער לעזער זוכט אַ ראָ־מאַן, קיינע אַקראָבאַטישע קונצען. אַ ראָמאַן קען נור דאַן גע־פעהלען, ווען ער האָט מעהר פאַנטאַזיע ווי ווארהייט. איך גע־דענק אַמאָל ווען איך האָב געלערענט אין דער ישיבה האָבען צוויי ישיבה בחורים פּרובירט זיך מעסטען ווער עס קען זאָגען בעסערע גראַמען. דער ערשטער האָט געזאָגט דיזען גראַם:

— איך האָב אין קלויז פערלאָרען
פינף פון מיינע בעסטע יאָהרען.

דער צווייטער האָט אָנגעפאַנגען אַזוי:

— איך האָב אין קלויז פערלאָרען
צוויי פּאָאָר וואָלענע סקאַרפּעטקעס.

— אָבער שטייטש — האָט דער ערשטער אונטערבראָכען
— וואָס איז דיין גראַם?
— וואָס טויג מיר גראַם, שטראַם, אבי דאָס איז אמת.

טאַקי עס איז אמת, אָבער קיינעם אינטערעסירט ניט זיין דראַמאַטישע גניבה.

אַז דער לעזער וויל ניט וויסען פון רעאַליסטישע סקאַר־פעטקעס.

# וואס איז פאעזיע ?

## (דער זיגעל פון אמת)

מיר ווילען זאגען עפעס וועגען פאעזיע און פאעטען, ניט נור וועגען די פאעזיע אין קורצע שורות און אין גראם, זאנדערן אויך וועגען די פאעטען וועלכע שילדערען אלעס וואס זיי זעהען און זיי הערען אין א שעהנע שפראך גאר אהן גראם און מיט לאנגע שורות, די וואהרע פאעטען וועלכע טינקען זייער פעדער אין צוויבער־טינטער פון אמת'ע פראכט, דען די העכסטע פא־עזיע איז די רייגסטע ווארהייט, דאס הייסט : וואס שעהנער און נאבעלער די פאעזיע איז, איז זי אלץ נעהנטער צום ריינעם אמת ; עס איז ניט מעהר ווי א וויטץ דאס אלטע ווערטיל אז „מיטב השיר כזבו" אז וואס מעהר פאעזיע איז ארומגערינגעלט מיט א פאלשע פאנטאזיע איז זי אלץ שעהנער. עס איז פונקט פערקעהרט : ווען איהר ווילט וויסען ווי ווייט א זאך איז גע־גרינדעט אויף אמת, זאלט איהר דארויף צוערשט קוקען דורך פאעטישע ברילען, און דאס וואס איז ניט די ווארהייט אליין, איז קיין פאעזיע.

מיר וועלען עס אייך ערקלעהרען דייטליכער :

שטעלט אייך פאר, איהר וואנדערט אין א זומער־טאג צווי־

שען די גרינע פעלדער ; איהר קומט אויף א הויכען בארג, און איהר דערזעהט פון דער ווייטענס אונטער'ן בארג איז אויסגע־לעגט א קליין שטעדטעלע מיט שעהנע הייזעלאך און בוימער, און א קריסטאלענער טייכעלע איז איינגעפלאנצט אין גראז ווי א שפיגעל אין א קארפעט. גאנץ נאטירליך, אויב איהר האט עפעס א פאעטישע נשמה און איהר ווערט נתפעל פאר דאס וואס איז שעהן, וועט איהר געווים זאגען צו זיך אליין: „אך, ווי גרויס־ארטיג איז דיזער ווינקעלע דארט אונטער'ן בארג ! עס איז דאך א וואהרער ווינקעל פון גן־עדן אויף דער ערד, ווייט פון רויש און פון ראש פון דער וועלט, ווייט פון די ענגע נעדריכטע גאסען פון גרויסע שטעדט. דארט איז אהן צווייפעל דער געצעלט פון פריעדען, די היים פון רוהע, דער נעסט פון ריינע ליעבע, גע־זונד און גליק ! אך, גליקליך זיינען די מענשען וועלכע זיינען דארט געבארען געווארען און לעבען דארט אב זייערע יאהרען אין נחת און פרייד". און ווי קענט איהר אנדערש דענקען פון יענע שטעדטעלע אונטער'ן בארג וואס איהר זעהט פון דערווייטענס מיט א פאעטישען בליק ? ווען איהר וועט דארט ווייטער בע־מערקען פון דער ווייטענס ווי קינדער שפיעלען זיך אויפ'ן גראז, ווי מאמעס זיצען אויפ'ן שוועל פון הויז מיט זייערע בייבים אויף זייערע ארימס צווישען גראז און בלומען, וועהרענד די מענער ארבייטען אויפ'ן פעלד, וועט אייער פאעטישע בעגייס־טערונג געווים נאך שטארקער ווערען.

יעצט שטעלט אייך פאר, ווען אין רעכטען מיטען פון אייער פאעטישען חלום, קומט צו אייך אן איינוואהנער פון יענער שטעדטיל, און אויף אייערע פראגעס, דערצעהלט ער אייך גאר אז די שטעדטיל האט פיעל שכורים, אז די איינוואהנער האלטען אין איין רייסען זיך, אז העלפט פון די פרויען זיינען קראנק אויף מאלעריע, די מייסטע קינדער ליגען קראנק אויף מאזלען, און

אז אין שטעדטיל איז ניטאָ איין איינציגער מאַן וועלכער וואָלט ניט פערקויפט מיט שמחה זיין הייזעל ווען ער זאָל נור האָבען צו וועמען! נו, וואָס בעווייזט דאָס? אז אייער פּאָעטישע איינבילדונג האָט אייך צוערשט דערצעהלט א ליגען? אָה ניין! עס בעווייזט בלויז דייטליך דיזע ווארהייט, אז דער פּאָעט האָט געקוקט אויף דער שטעדטיל פון דער ווייטענס מיט די אויגען פון אמת, דאָס הייסט ווי אזאַ שטעדטיל דאַרף זיין און ניט ווי זי איז, ווייל דער ווא‏הרער פּאָעט זעהט זאכען ווי זיי דארפען זיין, דען די ריינע פּעזיע איז אימער דער בת־קול פון נבואה! אין אזא שטילע שטעדטעלע צווישען גראָז און גאָט — טראַכט דער פּאָעט — דאַרף זיין דער קדשי קדשים פון פריעדען און גליק, און עס איז ניט דעם פּאָעט'ס שולד ווען יענע מענשען וויסען ניט ווי צו לעבען.

דער אינדיאַנער פון פּאָעט איז זעהר א סימפּאַטישער אינדיאַנער. דער פּאָעט שטעלט פאָר דעם אמעריקאַנער אינדיאַנער אלס א שעהן־געבויטען מאַן, מיט העלדישע מאַניערען, א פריינד פון פרייהייט און ווילדערנעס. דער אינדיאַנער איז אָבער גאַנץ אַנדערש אין ווירקליכען לעבען ווייל ער איז פערדאַרבען געוואָרען פון וויסקי און קאָרטען וואָס די ווייסע מענשען האָבען איהם מחנך געווען. דער פּאָעט קוקט אלזא אויף דעם אינדיאַנער מיט די אויגען פון ווארהייט. ווי ער דאַרף זיין, און ניט ווי ער איז, ווי פינסטערע אומשטענדען האָבען איהם געמאַכט. דעם פּאָעט'ס דאַרף איז א שעהנער דאַרף, דעם פּאָעט'ס אינדיאַנער איז א נאָבעלער אינדיאַנער, דעם פּאָעט'ס פייער־מאַן איז א העלד וועלכער שפּרינגט אין די פלאַמען ראַטעווען א קינד, אנשטאַט צו לאַטכענען פערגעסענע ציערונג; דעם פּאָעט'ס שרייבער איז א מאַן מיט א הויכען שטערען, וועלכער זיצט און טראַכט ווי צו בעגליקען די מענשהייט מיט נייע געדאַנקען, ניט

א יונגאטש וועלכער האלט אין איין קלעהרען וועמען ער זאל מארגען זידלען, וועמען ער זאל בעריידען אדער בעשרייבען. דעם פאעט'ס פאעט איז א זיסער טרוימער, וועלכער דענקט נור פון קינדער, בלומען, פויגעלאך און אלעס וואס מאכט שעהנער דעם מענשען'ס הארץ, ניט וועלכער גראמט כסדר „מאטעריע" מיט „כאלעריע" צו וואַרפען בלאטע אויף יעדען איינעם וועלכער גלויבט ניט אין זיין אונשטערבליכקייט... דער וואהרער פאעט קוקט אלזא אויף אלעס און אויף אלעמען ניט ווי זיי זיינען, נור ווי זיי דארפען זיין, לויט די פרינציפען פון וואהרהייט.

דער רב פון וואהרען אידישען פאעט איז א רב אדער א רעוורענד מיט א גוטען כאראקטער, מיט א ברייטע הארץ ; ניט א שעטנז־רעוורענד וועלכער טאנצט אויף אלע חתונות, וועלכער האלט היינט א דרוש אין שוהל און מארגען רעדט ער ביי א פראטעסט־מיטינג פון גענאסען וועלכע קוקען אויף איהם ווי אויף א שארלאטאן. די מוטער פון פאעט איז א זיסער מלאך אהן פליגלען, ניט א בלעם אין פארטוך וואס האלט אין איין שילטען דעם מאן, די קינדער און זיך קריגען יעדעס מאל ווען זי שטעהט אויף אויף דער לינקער זייט. דער בעווייבטער מאן פון פאעט איז אן ערעלער העלד מיט גוטע מעלות, ניט א זוערע בעשעפעניס וואס קלאפט אין טיש, ברעכט טעלער יעדעס מאל ווען דער פארשפייז האט זיך ביים טיש ניט איינגעגעבען. וואס זאל דער גרויסער פאעט טהאן ווען ער קוקט אויף אלעס ווי עס דארף זיין, און ניט ווי עס איז ? דוד המלך, דער פרינץ פון אלע פאעטען האט געווים געקוקט אויף אלעס מיט די אויגען פון ריינע פאעזיע, ניט ווי אויף א גרויסע וואהרהייט (דוד חטא בשביל שקרא לדברי תורה זמירות, שנאמר זמירות היו לי חוקיך (סוטה ל"ה), און ער האט א ווייליע פערגעסען אז גלאט פאעזיע אהן וואהרהייט איז קיין פאעזיע.

ניין, דער גרויסער פּאָעט זאָגט קיין מאָל קיין ליגען, ווייל די וואהרע פּאָעטען זיינען די נביאים פון דער מענשהייט! זיי זעהען אימער מענשען און זאַכען ווי זיי דאַרפען זיין, זיי בויען דעם צוקינפטיגען גן־עדן און זיי האַלטען אין איין זוכען אָב־צוגעבען דעם מענשען צוריק דעם צלם אלהים וואָס ער האָט פער־לאָרען דורך זיינע איינענע מעשים תעתועים, דערמיט וואָס ער לעבט ניט ווי דער פּאָעט וויל, ווי די ריינע פּאָעזיע פערלאַנגט. ווען די וועלט וועט זיך אויפפיהרען ווי עס האָט פּאָראויסגע־זאָגט דער פרינץ פון אַלע פּאָעטען און פּראָפעטען, דער גרויסער ישעיה, ערשט דאַן וועט די וועלט זיין פאָלקאָמען לויט דעם פּראָגראַם פון פּאָעזיע, וואָס איז דער בת־קול פון הימעל, די שטימע פון וואַרהייט.

פּאָעזיע איז דיער זיגעל פון אמת.

# די דרשה אויפ'ן פידעל

די אלטע דעבאטעס צווישען דייטשען, ווער עס איז געווען א גרעסערער פּאָעט, שילער אָדער געטהע ; אָדער דער ויכוח צווישען משכילים, ווער עס האָט געשריבען שעהנערע מליצה אין העברעאיש, דער קאָוונער אברהם מאפו אָדער דער גאַליציאַנער יצחק ערטער — אָט דיזע גוט־בעקאַנטע דיסקוסיאָן האָט געקראָגען א ווידער־קול פון דער זייט ים, און דאָס איז : ווער איז א גרעסערער קינסטלער אויפ'ן פידעל — מישא עלמאַן אָדער אפרים צימבאַליסט !

— אזוי האָבען מיר עלמאַנ'יסטען און צימבאַליסט'יסטען.

דער אמת איז אז עס ווענדעט זיך ווען די דעבאַטע ווערט אָנגעפאַנגען : אויב איהר געהט ארויס פון עלמאַנ'ס קאָנצערט זייט איהר אונטער דעם איינדרוק אז ער איז דער שעקספּיער פון פידעל, אָבער ווען מען שטעלט אייך די פראַגע פון זייער גדלות ווען איהר האָט געהערט צימבאַליסט'ען שפּיעלען, דאַן וועט איהר געוויס זאָגען אז דיזער אידישער יונגער מאַן איז דער ביאַליק פון פידעל, איבערהויפּט נאָכדעם ווי איהר האָט געהערט ווי צימבאַליסט גיסט אריין זיין אידישע נשמה אין פידעלע שפּיעלענדיג חסיד'ישע מעלאָדיען, סקאַרבאָווע נגונים און אנדערע אידישע דבקות אויסגעפּלאַסטערט מיט זעלטענע מוזיקאַלישע

זיסקייט, ווי ער טהוט אימער. וואונדער איבער וואונדער! אויף זיין פידעלע לאכט ער ווי א לייכט־זיניגע מיידעל, און ער זיפצט אויף די גראבע סטרונעס ווי אן אלטער פילאזאף ווען ער פרעגט וואס עס מיינט דער סוד פון לעבען און שטארבען!

צימבאליסט פערדיענט אהן א צווייפעל פון אונז דעם טי־טעל „דעם אידען׳ס מוזיקאלישער מיסיאנער!” ווייל ער איז דער ערשטער וויאלינויסט וועלכער ווייזט פאר דער וועלט די זיסקייט פון די אידישע אריגינעלע נגונים. ניט דער גרויסער וויענאווסקי, ניט יאאכים און ניט מישא עלמאן האבען עס ווען געטהאן, כאטש דיזע דריי פידעל־פרינצען זיינען אלע אידישע קינדער ניט ווניגער פאר צימבאליסט. אין דער צייט ווען אונ־זערע אידישע טעכטער ביי דער פיאנא אין אמעריקא שעהמען זיך צו שפיעלען „קאיק־מוזיק” — אידישע מעלאדיען — אין דער צייט ווען א שטיקעל אונגעלומפערטע קון־קוואטש, ווי „אלעקסאנדער׳ס רעג־טאים בענד” בעצויבערט די אידישע יו־גענד פיעל מעהר ווי א שטיקעל אידישע „שטייגער” וואס איז דורכגעקנעטען מיט דעם ריינסטען מעלאדישען חן — קומט צו געהן א וועלט־בעריהמטער אידישער ארטיסט, צימבאליסט, און ער ווייזט דער וועלט דעם אוצר פון אידען׳ס היימישע מוזיק: צווישען א קאנצערטא פון בעטהאווען און מאקס ברוך גיבט ער א קוועטש מיט׳ן פינגער אויף דעם אידישען שרייפעל — און ער ציהט ארויס פון די פיער קעלבערנע סטרונעס א גאנצען פא־עטישען שטראם פון אידישע מתיקות — דעם מעלאדישען קרעכץ פון אידען׳ס „אי”.

איז ניט צימבאליסט דער מוזיקאלישער מיסיאנער פאר גוים, א פריידיגער וועלכער האט אלס בימה דעם פוסטען היל־צערנעם בוזים פון זיין פידעל? און זיין טאן! ריין ווי גאלד און גלאט ווי סאמעט.

די דעמאָנסטראַציאָן פאַר'ן חסיד'ישען טאַנץ („דער רבי האָט געהייסען לוסטיג זיין") איז איינפאַך אונבעשרייבליך. נאַ־טירליך, צימבאַליסט האָט עס אָנגעשריבען פאַר זיין פידעלע מיט'ן אָרקעסטער מיט אַ זעלטענעם טאַלאַנט און מיט האַרמאָ־נישע פליטערלעך אַז עס זאָל האָבען מעהר גלאַנץ. עס איז אָבער נאָך אַלעמען דאָס אַלטע אידישע ליעדעל מיט די אַלטע חסיד'ישע התפעלות, און קיין וואונדער וואָס ער מוז עס איבערשפּיעלען אויפ'ן פערלאַנג פון פּובליקום וואָס וויל עס הערען אפילו צעהן מאָל. אָבער נאָך מעהר סענזאַציאָן רופט ער ארוים מיט זיין „כלה בעזעצענס" וואָס ריהרט די טויזענדע הערצער פון קריסטליכען פּובליקום ניט ווייניגער ווי פון אידישען עולם — און טאַקי דער־פאַר אַליין פערדיענט צימבאַליסט דעם טיעפסטען דאַנק, ניט נור פון אַלע פריינדע פון אידישע מוזיק אַליין, זאָנדערען אויך פון יעדען אידישען פּאַטריאָט פאַר זיין וואַרימען פּאַטריאָטיזם צו דערמאָהנען דעם גוי אַז דאָס וויגעל פון מוזיק איז געשטאַנען דאָרט פאַזע ירדן, און שפּעטער ביי די טייכען פון בבל...

און איהר אידישע ספּאָרטס אין אַמעריקא, איהר אידישע טעכטער, וועלכע שעהמט אייך מיט דער מוזיק פון אייער באָבען, צימבאַליסט מיט זיין פידעלע איז פאַר אייך דער בעסטער דרשן, דער שעהנסטער „קעלמער מגיד"!

# ווען נאַטור'ס פּאָעזיע מיט מענ־
# שען'ס טרעפען זיך

ווי שעהן עס איז ווען מאַי, דער שעהנסטער מאָנאַט אין יאָהר, די גרעסטע פּאָעזי פון נאַטור טרעפט זיך צוזאַמען מיט די שעהנסטע פּאָעזי פון מענשען — מיט „שיר השירים" און מיט די גרעסטע העלדישע פּאָעזי „אז ישיר".

מאַי און שיר השירים, דער געזאַנג פון די פויגעלאַך מיט די ים־שירה און די סימפּאָני פון די בלומען אויפ'ן פעלד — ווי שעהן זיי פּאַסען זיך. ווי שעהן עס גראַמט זיך דער אַלטער פּסח פון אונזער היסטאָריע מיט דעם נאָך עלטערען פּסח פון דער נאַ־טור — צוויי וואונדערבאַרע ימים טובים וואָס געהען אַרעם־געשלאָסען!

פונקט ווי אַ גוטע ווירטהין פון הויז וואָס רייניגט אַלע צימערען, באַלד ווי דער ווינטער נעהמט זיך דעם וועג, אום פאַר־צובערייטען דאָס הויז פיר זומער, דאָס זעלבע טהוט אויך די מו־טער־נאַטור, און פאַר פּסח האָבען מיר גרויסע רעגענס וואָס וואַ־שען אָב אַלעס עס זאָל ווערען ריין איידער עס ווערט שעהן, איי־דער די נאַטור וועקט אויף די ערד מיט אַ קוס אין מאַי.

דער מענש פיהלט זיך אַלע מאָל אין מאָנאַט מאַי פיעל

הײמליכער, זײַן האָפֿנונג װערט שטאַרקער און ער קוקט מיט בעגײַסטערונג אױף דיזע װאונדערבאַרע געהײמנים פֿון די מעשׂי בראשית װאָס מאַכט אַלעס פֿון טױט לעבעדיג. דער מענש קוקט מיט פֿערגעניגען אױף די יעהרליכע תּחית המתים פֿון נאַטור, און ער אַטהעמט פֿרײַער. װאָס איז דער װאונדער ? דער ציװיליזירטער מענש פֿון דער גרױסער שטאָדט און דער האַלב־װילדער פֿאַסטוך פֿון באַרבאַרישע שבטים, זײ אַלע בליקען אױפ'ן אָנפֿאַנג זומער װי אױף אַ גאַראַנטיע אַז אױך דער מענש װעט אַמאָל האָבען ז ײ ן מאַי — און דער טױט פֿערליערט אױף אַ קורצע װײַלע זײַן שרעקליכע בעדײַטונג ! אָבער מיר אידען, מיר װעלכע האָבען געלערנט די מענשהײט האָפֿען, מיר אידען, װעלכע האָבען פּראָקלאַמירט דעם ערשטען „לישועתך", מיר זעהען אין דעם אָנפֿאַנג זומער אַ גײַסטיגען אַפּיקומן, אַ גײַסטיגע לאַנד כּנען, די האָפֿנונג פֿיר אַ נײַעם זומער פֿאַר'ן אידישען פֿאָלק מיט אַ נײַעם שיר השירים !

די זיסע אמונה אַז דער טױט איז נאָך ניט די ענדע פֿון אונזער „איך" איז אימער געװען אַ הײליגער רעצעפּט פֿיר אַלע קלאַסען מענשען, און זאָגאַר די הײנטיגע װיסענשאַפֿט װאָס זוכט אַלעס צו צערשטערען, האָט ביז יעצט נאָך ניט געקענט אײַנבײַסען די בריליאַנטענע האָפֿנונג אין אַ נײַע עקזיסטענץ אױף מאָרגען נאָכ'ן טױט. דער אָנפֿאַנג מאַי, װען די טױטע נאַטור װערט צוריק יונג, אָט דיזער שפּעקטאַקעל האָט אימער געמאַכט אַ באַרג אַש פֿון אַלע פֿילאָזאָפֿישע בוך־סבֿרות װאָס האָבען געזוכט צו שעדיגען דעם מענשען'ס שעהנסטע האָפֿנונג. די געבורט פֿון מאַי װאָס װײַזט אונז װי אַ בלום קען בליהען אױף אַ קבֿר, װעט אימער בלײַבען אַ פּרעכטיגער אַרגומענט געגען די אַלע יעניגע װאָס װילען אױעקרױבען פֿון מענשען זײַן לעצטע ביסעל אײַגענטהום, זײַן שעהנסטען אוצר — זײַן האָפֿנונג אין דעם לאַנגען

איבערמאַרגען נאָכדעם ווי זיין האַרץ האָט אויפגעהערט קלאַפּען.

דאָס איז דער סוד פאַרוואָס דער איד פאַרט צוזאַמען פּסח מיט שיר השירים וואָס איז די פּאָעטישע קרוין פון מאַי, ווייל אונטער'ן אפיקומן ליגנט ניט נור דער שליסעל פון יעדע רעוואָלוציאָן, זאָנדערן אויך דער ענטפער אויף דעם גרויסען „מה נשתנה" פון יענער זייט מצבה, פאַר וועלכען מיר שרעקען זיך אַזוי אין אונזער קורצע רייזע צווישען צוויי אייביגקייטען !

די יעניגע וועלכע האָבען אַמאָל געוואַנדערט אין דער מדבר אייניגע טעג צייט, און זיי זיינען ענדליך געקומען צו אַ קיהלען פּלאַץ צווישען גרינע בוימער און ריינע קוואַל וואַסער—נור דיזע וואַנדערער קענען זיך פאַרשטעלען עפּעס די טרייסט פון אונשטערבליכקייט פאַר'ן מענשען. דיזע אויפלעבונג פון דער נאַטור אין מאַי איז דער שעהנסטער קאַפּיטעל פילאָזאָפיע אין דעם גאָלדענעם בוך פון אמונה. מיר זעהען עס יעדען יאָהר ווען דער טויט אַליין שטעהט אויף פאַר אונז און זאָגט אונז „גוט-יום-טוב" מיט אַ שמייכעל פון יוגענד און מיט בלומען אויפ'ן פעלד וואָס ווייזען אונז די אונטערשריפט פון אלהים אויף דער ערד !

שיר השירים איז דאָכט זיך אַ קליין ספר'ל, אָבער יעדע שורה איז דאָרט אויסגעפּלאַסטערט מיט בלומען, אין יעדען קאַפּיטעל הערט זיך דער געזאַנג פון די פויגעלאַך, דער עת-זמיר הגיע, און יעדעס וואָרט אָטהעמט מיט ליעבע וואָס איז דאָס לעבען פון אַלע לעבעדיגע זאַכען. אויב איהר טייטשט שיר השירים אַלס משל ווענען די אַליאַנץ צווישען מענש און הימעל, אָדער איהר ערקלעהרט עס ווי עס איז אָהן משלים, איז דאָס אַלץ דער קדשי קדשים פון די ריינסטע פּאָעזי, די צוזאַמענגיסונג פון נאַטור'ס מאַי מיט דעם מענשען'ס מאַי, די צוזאַמענשמעלצונג פון פּרעכטיגע שעהנקייט מיט די הייליגסטע האָפנונג.

ווען מיר פעראייניגען אָבער צוזאַמען שיר השירים מיט די

העלדישע ים־שירה, דער ערשטער פרייהייטס־ליעד וואָס האָט אמאָל פערטויבט דאָרט די שטילע וויסטעניס אַרום ים־סוף, און מיר מאַכען פון דיזע צוויי געטליכע פּאָעמעס אַ דעקאָראַציאָן צו אונזער פּסח, האָבען מיר די שעהנסטע, גרעסטע און נאָבעלסטע לעבעדיגע פּערל, דעם וואונדערבאַרסטען גייסטיגען בריליאַנט וואָס דער איד האָט בעשאַפען אין אַלטערטהום ווען די אידישע נאַציאָן איז געבאָרען געוואָרען.

דאָס בליהמעלע אויפ׳ן פעלד מורמעלט צו אונז אַ וואונדער־שעהנע לעקציאָן — דערצעהלט דער מדרש שיר השירים אויפ׳ן פּסוק „אני חבצלת השרון״ — און ווילט איהר וויסען וואָס זי זאָגט? אָט איז עס: אמרה החבצלת, כשם שאני מתה בחורף ונשמתי חוזרת בי באביב, כך נבלתי יקומון, שנאמר מכנף הארץ זמירות שמענו — דאָס הייסט אין אידיש: פּונקט ווי איך גיב דעם לעצטען זיפץ ווינטער, זאָגט די ראָזע, און זאָ באַלד ווי דער זומער קומט אָן קריג איך צוריק מיין לעבען, געזונד און גלאַנץ, דאָס זעלבע וועט אויך זיין מיט דעם מענשען, און פון טיעפקייט פון קבר הערט זיך אַ וואונדערבאַרע מעלאָדי.

יאָ, די נאַטור האָט איהר יעהרליכען שיר השירים וואָס דערצעהלט אונז אַז דער קבר איז אַ צווייטע וויגעלע — נו, פאַר וואָס זאָל דער מענש אויך ניט האָפען אויף זיין שיר השירים פון יענער זייט מצבה?

# מעג מען בערויבּען אַ גוסס?

(פראַגמענט פון אַ בריעף צו אַ פריינד).

---

איהר בייזערט זיך אַביסעל צופיעל אין אייער העברעאישען בריעף. איהר זאָגט אַז מיין לעצטער אַרטיקעל שמעקט מיט הי־פּאָקריט דערפאַר וואָס איך האָב זיך אויסגעדריקט אַז מען דאַרף ניט לאַכען פון תחית המתים. איהר וואַגט אייך זאָגאַר צו בע־הויפּטען, דאָס וואָס איהר ווייסט ניט, אַז איך האָב מיין אַרטיקעל געשריבען נור אום צו געפעלען דעם המון, אָבער אין אמת׳ן גלויב איך עס אַליין אויך ניט. איהר בעט מיר ענדליך לאָגישע אַר־גומענטען.

גוט, אָט זיינען מיינע אַרגומענטען.

ווען איינער פערליערט פּלוצלונג זיין אייגענטהום, און דער וואָלקען פון דלות פערפינסטערט זיין געצעלט, דאַן קומט דער מענש און טרייסט דעם אונגליקליכען אַז דער ראַד פון גליק קען זיך צוריק איבערקעהרען אויף זיין זייט. „ניש־קשה, ברודער — זאָגט מען צו איהם — די שטראַהלען פון הצלחה קענען נאָך צוריק שיינען אויף דיר און דו וועסט דערצעהלען אין פריידען דיינע יעצטיגע ליידען״.

ווען איינער פערליערט פּלוצלונג זיין שעהנעם נאָמען דורך אַן אונגליקליכע סיבה אָדער דורך אַ טרויעריגען טעות, דאַן

טרייסט איהם דער מענש אז די צייט וועט מיט דער צייט אָב־ווישען דעם פלעק פון זיין עהרע, „ניש־קשה, ברודער — זאָגט מען צו איהם — דיין נאָמען וועט נאָך צוריק געפינען דעם ער־שטען גלאַנץ".

ווען איינער פערליערט זיין נאָהענטעסטען קרוב, ווען ער דארף זיך ניט דאָ־געדאַכט געזעגנען מיט א קינד אָדער מיט א מוטער וואָס ליעגט מיט די פיס צום טיהר, דאַן קומט רעליגיאָן און טרייסט דעם אָבל אז אויף דיזע וועלט מאַכט מען נור א קורצען שפּאַציער־גאַנג, און דער קבר איז א צווייטע וויגעלע. „ניש־קשה, פריינד — זאָגט צו איהם רעליגיאָן — דיין טהייערער פריינד וועלכער האָט דיר ערשט געזאָגט „גוט נאַכט" איז נור געווען א קערענדיל צווישען צוויי אייביגקייטען, א סענדוויטש צווישען וויגעלע און קבר. דער טהרה־ברעט האָט אַזעלכע סודות וואָס די גרעסטע פילאָזאָפיע קען ניט ערקלעהרען, און דער בית־עולם ווינקט צו א ליכטיגען איבער־מאָרגען פון יענער זייט קבר.

די זעלבע זיסע האָפנונג פון אויף מאָרגען נאָכ'ן טויט, מורמעלט אויך רעליגיאָן אין דעם אויער פון דעם גוסס, וועלכער ליעגט אויפ'ן שטערבע־בעט. „ניש־קשה, פריינד — זאָגט צו איהם רעליגיאָן — אמת, אז דיין קערפּער געהט ווערען א טהייל פון דער ערד וואָס האָט דיר געשפּייזט, אמת אז דער טויט מאַכט יעצט צו דיינע אויגען. אָבער ניש־קשה, אויך די בלומען שטאַרבען, און דאָך האָבען זיי זייער פריהלינג ווען זיי ערוואַכען ווידער מיט א שמייכעל! ווארום זאָל דער מענש ניט האָבען ז י י ן צווייטען פריהלינג?

קען דען געבען א שעהנערע טרייסט פאַר דעם פערוויינטען אבל און א שעהנערע מוזיק אין אויער פון גוסס ווי דיזער „ניש־קשה" פון רעליגיאָן וואָס ווייזט אונז אַן אייביגען אפּריל נאָך אונזער יאָמערליכען דעצעמבער? האָט די פילאָזאָפיע ווען

עס־איז אומגעשטירצט דיזען זיסען ניש־קשה פון רעליגיאָן ? ניין ! אַלעס וואָס די פילאָזאָפען האָבען ביז יעצט אויפגעטהאָן איז דאָך נור דאָס וואָס זיי קענען זאָגען „איך וויים נים” אזוי גאָר ! ! ! און וואָס ווייסט איהר דען יא ? מישטיינס געזאָגט וואָס דער מענש קען שוין ערקלעהרען מיט זיין בעגרענעצטען שכל, ווען עס האנדעלט זיך פון זאכען וואָס שטעהען העכער פון זיין שכל ! נור אָנגענומען אפילו אז די פילאָזאָפיע האָט א טויזענדסטען חלק רעכט עפּעס צו צווייפלען וועגען דיזע גרויסע רעטעניסען, איז נאָך אונז אַלץ פיעל ליעבער דער פריינדליכער „ניש־קשה” פון רעליגיאָן איידער דער פיינדליכער „איך וויים נים” פון פילאָזאָפיע. רעליגיאָן דערצעהלט אונז אז אונטער'ן מצבה שטעהט א רענענבויגען, און פילאָזאָפיע שרעקט אונז אז מיר האָבען נים מעהר צוקונפט פאר א טויטע קאַטץ !

ניין, פריינד, מיר האָבען קיין רעכט צו בערויבען פון א גוסס אָדער א אבל דעם זיסען „ניש־קשה” פון רעליגיאָן.

# ביבלישע פיעסען וואָס מען שפּיעלט היינט

---

עס איז די אַלטע מעשה — תורה איז די בעסטע סחורה, זאָגאַר ביי גוים און אפילו אין אַ טהעאַטער וואָס וויל ציהען אַ גרויסען עולם פון אַלע קלאַסען מענשען.

מיר זאָגען עס געגען דעם גרויסן אַרטיסטישען און פינאַנציעלען ערפאָלג פון די ביבלישע שטיק „יוסף מיט זיינע ברידער" וואָס מען האָט היינטיגען ווינטער געשפּיעלט אין גרעסטען טהעאַטער פון ניו יאָרק.

דער טהעאַטער־דירעקטאָר וועלכער האָט דיעזע ביבלישע פּיעסע פון לואיס נ. פּארקער אויפגעפיהרט, האָט מיט איינינגע יאָהר צוריק פּרובירט מאַכען געלד מיט איבסען. ער האָט אויפגעפיהרט אויף בראָדוויי איינינגע פון איבסען'ס דראַמאַס — אָבער דער עולם איז ניט געוועזן בעגייסטערט, און האָט אויסגעפונען אַז איבסען איז נאָך ניט פאַר ניו יאָרק. מיר מעגען אָבער געהן אַ ביסעל ווייטער און זאָגען אַז איבסען איז אפשר נאָך ניט פאַר זיין אייגענע פאַטערלאַנד, ווייל אַ ווערק וואָס איז דורכגעוועבט מיט מרה־שחורה קען קיין הצלחה האָבען. איז עס אַ וואונדער וואָס די העלדען פון דער ביבעל ברענגען מעהר מענשען אין טהעאַטער און מעהר פּראָפּיט אין קאַסע ווי די העלדען פון היינטיגע גרעסטע רעאַליסטען ?

מיר האָבען געהאַט און מיר האָבען אין אַלע לענדער און אין כמעט אַלע שפּראַכען, גרויסע לייט וועלכע קענען לעזען די סודות פון נאַטור אויף בארג און טהאָל, אויף פעלד און וואַלד; מיר האָבען געהאַט און מיר האָבען איבעראַל וואונדערבאַרע פּאָעטען וועלכע לעזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן אין אַ קוס, אויף אַ קבר, אויף ליעבע, אויף נקמה — און זיי קענען אויך לעזען גאַר־טעם׳ אונטערשריפט אויף אַ בערגעלע ראָזען. אָבער, דער פּרינץ פון דיזע דענקער איז איבערהויפּט דער יעניגער וועלכער קען לעזען ריכטיג דעם מענשען׳ס האַרץ, עס בלייבט זיך גלייך אויב ער טהוט עס אויף די ברעטער פון טהעאַטער אין אַ דראַמאַ אָדער אויף די בלעטער פון אַ בוך — אבי ער ווייזט אונז מיט זיין טאַלאַנט אַ קליין וועלטיל וואו מיר האַנדלען, וואַנדלען, קעמפּ־פען, זיעגען, פאַלען, ליידען, לאַכען, וויינען, לעבען און ליעבען.

דער אונגליק מיט היינטיגע איבסענס איז וואָס זיי ריידען ניט צום האַרצען פון אַ ל ע מענשען, נור פון אייניגע געקלי־בענע, און דאַרום האָבען זייערע טיעפע טראַגעדיעס ניעמאַלס געהאַט דעם ערפאָלג פון די פּאָפּולערע פּיעסען וועלכע ריידען צום האַרצען פון אַלע מענשען. עס איז פערפאַלען, דער וועל־כער וויל בילדען דאָס פאָלק, מוז זיך אַרונטערלאָזען צום פאָלק און איהם צוציהען מיט אַ גלעט, ניט כסדר קריטצען מיט די ציין און ווייזען בלויז די וואונדען פון אונזער מענשהייט. די איבסענס האָבען אָבער אויף אונז קיין רחמנות, דען זיי פערגי־נען אונז ניט אפילו אַ בלאַסען שטראַהל האָפנונג אָדער טרייסט. זיי ווייזען אונז בלויז דאָס וואָס איז שרעקליך, שמערצליך, שוי־דערהאַפט. דורך יעדען אַקט פון זייער דראַמאַ שוועבט דורך דער גייסט פון „מישטיינס געזאָגט”, האַקענדיג כסדר אין אונזער קאָפּ אַז דעם מענשען׳ס נשמה איז אין קייטען, אַז אויך דער טויטער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר די לעבעדיגע, אַז די לעבע־

דיגע זיינען ווידער פון זייער זייט, פעראַנטוואָרטליך פאַר די וועלכע זיינען נאָך ניט געבאָרען. נו, ווי קענען זיי ערוואַרטען צו ציהען דעם גרויסען עולם? זיי זאָגען אַז די מענשהייט איז באַנקראָט, דער מענש אַ מיאוס'ע און פינסטערע בריאה, און פון אַלע זייטען אויף אונזער וועלט זעהען זיי בלויז דערנער, ניט איין בלימעלע אויף אַ רפואה. איבעראַל הערצער האַרט ווי שטיין, נשמות שוואַרץ ווי טינט.

דיזע רעאַליסטען זינדיגען געגען פאָלק און געגען זייער אייגענע הצלחה, וואָס זיי געהען ניט נאָך די פילאָזאָפיע פון אונזער ביבעל. עס איז ניטאָ קיין גרעסערע טראַגעדיע ווי „איוב", וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט אַזוי פּרעכטיג מיט אַ פערטיגען פערסאָנאַל און סצענערי, מיט מאָנאָלאָגען און האַנד־לונגען, מיט די שעהנסטע פּאָעזי און מיט די טיעפסטע פילאָ־זאָפיע — אָבער אויך מיט שטראַהלען פון האָפנונג! דאָס איז אויך די אורזאַכע פאַרוואָס אַלע נאַציאָנען אין דער גאַנצער וועלט פערשטעהען די פּרעכטיגע שילדערונגען פון יוסף מיט זיינע ברידער, וועלכע זיינען אויך גרויסע אַר־טיסטען מיט די ריכטיגע דעקאָראַציאָנען, ווי מיר זעהען עס יעצט אין ניו יאָרק. וואָס מיר נייע שוהלע, וואָס מיר רעאַליזם! זאָלאַנג די מענשהייט וועט דויערען וועט די דראַמאַ פון יוסף מיט זיינע ברידער פערבלייבען אַלס דראַמאַטישע בלום וואָס שטורמט די הערצער פון יונג און אַלט. די זעלבע זאַך איז אויך מיט אַלע אַנדערע ביבלישע שילדערונגען, וואָס זיינען אימער וואַהרע קונסט פון העכסטען זאָרט — און טאַקי ווייל תורה איז די בעסטע סחורה!

די זעלבע זאַך איז מיט דער דראַמאַ „אסתר" פון פראַנ־צויזישען פּאָעט ראַסין, מיט דער טראַגעדיע „עתליה און קעניג יואָש" פון זעלבען פערפאַסער, מיט „שמשון הגבור און דלילה"

פון סאַן־סאַען, מיט „מלכה שבא" פון גאָלדמאַרק, און מיט אַלע ביבלישע פּיעסען וועלכע האָבען דעם גרעסטען ערפאָלג פאַר אבי וועלכען ציוויליזירטען עולם. דיזע אַלע אַרטיסטישע פּיעסען האָבען מיר געגעבען דער וועלט אום צו ווייזען פיר אַלע דורות דעם פונדאַמענט פון ריינע קונסט וואָס מאַכט די מענשהייט בעסער און אונזער לעבען שעהנער, און פאַר דיזע קונסט פון העכסטען זאָרט האָבען מיר צו פערדאַנקען אונזער געזעטץ, אונזער יחוס, אונזער פּאָעזיע, אונזער מאָראַל, און אַלעס וואָס איז שעהן, גוט און וואהר.

ווען מען וויל בילדען דעם פאָלק מוז מען אימער צוזאַמענמישען וואַרהייט מיט שעהנקייט, וויל די שעהנע פּאָעזי אָהן אמת האָט קיין האַפט, און דיזער כלל אַז אמת מיט שעהנקייט מוזען געהן צוזאַמען, איז ניט בלויז פיר דער ביהנע, זאָנדערן אויך אין צייטונג און אין בוך. מען קען עס ניעמאַלס טהאָן מיט בלויז ווייזען די וואונדען פון דור, די פלעקען דער מענשהייט, די מרה־שחורה פון די גאַנצע מעשי־בראשית.

דאָס איז דער סוד פאַרוואָס תורה בלייבט אימער די בעסטע סחורה פיר גוים אַזוי גוט ווי פיר אידען, אין טעמפּעל דער קונסט אַזוי גוט ווי אין בוך און אין בלאַט, אין אַמעריקא אַזוי גוט ווי אין אייראָפּאַ.

# די כינעזישע רעפובליק

כינעזער און מאנדזשוס—די גזרה געגען צעפ און קעפ—די דריי גרעסטע קללות פון כינעזער — רעליגיאָן און קבלה פאַר און נאָך קאָנפוציוס — כינא און די אידען אין אַלטערטהום — די לעצטע כינעזישע אידען.

ווען מען וויל א ווייַלע נאָכטראַכטען אז אויף דעם ערד־קוגעל וואָס פערנעהמט א שטח פון 25 טויזענד מייל געפינען זיך 15 הונדערט מיליאָן מענשען, און אז צווישען זיי פערנעהמען דעם גרעסטען פּלאַץ די כינעזער, וועלכע זיינען איבער 400 מיליאָן אין צאָהל, מוז מען איינפאַך איבערראַשט ווערען ווי ווענינ מיר אייראָפּעער און אַמעריקאַנער זיינען בעקאַנט מיט דיזע גרויסע כינעזישע נאַציאָן וועלכע האָט איהרע זאָנדערבאַרע געזעטצע, מנהגים, מאָראַל, רעליגיאָן, שפּראַך, קולטור־אינסטיטוציאָנען, מעלות און חסרונות!

אונזער ציוויליזירטע וועלט אינטערעסירט זיך נור דאַן מיט כינא און די כינעזער, ווען דאָרט קומט פאָר עפּעס א גרויסע מלחמה, א דיפּלאָמאַטישע איבערקעהרענים אָדער א שטורמישע

רעוואָלוציאָן ווי די וואָס כינא האָט יעצט דורכגעמאַכט, ווען עס פאַלען ארונטער די צעפּ, אָפּטמאָל מיט די קעפּ צוזאַמען. אין דיזען רעפעראַט וויל איך געבען, אַ קורצען בליק אויף כינא און די כינעזער. אָבער צוערשט וועלען מיר זיך אָבשטעלען וועגען די ריכטיגע אורזאַכע וואָס האָט ארויסגערופען די יעצטיגע איבערקעהרעניש געגען דעם כינעזישען טהראָן.

## 1. — כינעזער און מאַנדשוס.

אין כינא געהט שוין לאַנג אַן אַ שטילער קאַמפּף צווישען כינעזער און מאַנדשוס. פיר די מייסטע פון אונז האָבען אַלע מאָנגאָלען איין פּנים, און מאַנכע לעזער, זאָגאַר ציעמליך געבילדעטע אַמעריקאַנער, האָבען אימער צוזאַמענגעמישט כינעזער מיט מאַנדשוס, פּונקט ווי זיי מישען יעצט צוזאַמען טערקען מיט אַראַבער אין טריפּאָלי און אין ירושלים. דער אמת איז אָבער אַז פּונקט ווי די אַראַבער זיינען בעזיעגט געוואָרען מיט יאָהרען צוריק פון טערקען, צו וועמען זיי האָבען נאָך יעצט אַ האַס, דאָס זעלבע האָבען די כינעזער אַ שנאה פון הארצען געגען די מאַנדשוס וועלכע בעהערשען כינא זייט 300 יאָהר. ווי אַזוי איז דאָס געשעהן ? מיט 300 יאָהר צוריק, ווען דער קייזער פון די לעצטע מינג דינאַסטיע האָט געהערשט איבער כינא, האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן אין לאַנד, און די כינעזישע רעגיערונג איז געווען אַזוי הילפלאָז אַז זי האָט געבעטען די מאַנדשוס — טאַרטאַרען פון ווייטען נאָרד — אַז זיי זאָלען קומען העלפען בריינגען אָרדנונג אין כינא. דיזע טאַרטאַרען אָדער מאַנדשוס האָבען אָנגענומען די שליחות : זיי זיינען געקומען און האָבען געבראַכט „אָרדנונג" — ווי אַזיאַטען פון יענער צייט האָבען אויסגעטייטשט דאָס וואָרט „אָרדנונג" — אָבער זיי האָבען פערר־

געסען צו פערלאָזען דאָס לאַנד נאָכדעם ווי זיי האָבען זייער ארבייט אָבגעטהאָן! אדרבא, זיי האָבען אָנגעפאַנגען אַ נייעם בלוטיגען קאַמפּף צו געווינען דעם כינעזישען טהראָן פאַר זיך. און זיי זיינען טאַקי געבליבען די הערשער. אין יאָהר 1643 האָבען די מאַנדשוס פּראָקלאַמירט זייערען אַן אייגענעם פּרינץ אַלס קייזער פון די נייע מאַנדשו דינאַסטי, און דער יעצטיגער זעקסיעהריגער עקס־קייזער'ל פּו־יאַי איז דער צעהנטער מאַנדשו זייט די טאַרטאַרען פון נאָרד האָבען פערכאַפּט דעם טהראָן ביד חזקה.

דיזע קורצע היסטאָרישע ערקלעהרונג איז גאַנץ גענוג פאַר־וואָס די כינעזער קענען ניט ליידען זייערע זיעגער און וואָס עס האָט ארויסגערופען די יעצטיגע שוידערהאַפטע רעוואָלוציאָן אין דאָס לאַנד וואָס האָט די גרעסטע בעפעלקערונג פון דער וועלט, אַ רעוואָלוציאָן וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אָבשערען די צעפּ און האָט זיך געענדיגט מיט אָבגעהאַקטע קעפּ.

ערשט מיט צוויי יאָהר צוריק האָט געקאָכט אין דער וועלט וועגען די נייע רעפאָרם אין כינא אַז די איינוואָהנער מעגען אָבשערען זייערע לאַנגע צעפּ. מען האָט דאַן געמיינט אין איי־ראָפּא און אַמעריקא אַז דיזע צעפּ־רעפאָרם איז ניט מעהר ווי אַ טריט נעהנטער פאַר כינא אָנצונעהמען די מנהגים און מלבושים פון אונזער ציוויליזאַציאָן. אָבער אַ טעות! אין דעם חרם געגען די צעפּ איז געלעגען אַ גאַנץ אַנדער סוד: די כי־נעזער אין די אַלטע צייטען האָבען ניט געוואוסט פון טראָגען צעפּ, נאָר די מאַנדשוס, וועלכע האָבען זיי בעזיעגט מיט 300 יאָהר צוריק, האָבען אריינגעבראַכט דיזען מנהג מיט גוואַלט, און דארום איז געווען דער ערשטער סיגנאַל פון די כינעזישע רע־וואָלוציאָנערען צו פערלירען דיזע פערשאָלטענע צעפּ — דער שטעמפּעל פון גלות! אָבער די מערקווירדיגע זאַך איז, וואָס מיליאָנען כינעזער, אָרטהאָדאָקסיש געזאָנען, זיינען אויך היינט

געגען די גזרה פון אָבשערען די צעפּ, ווייל דער גלות האָט זיי צוגעוואָהנט צו קוקען אויפ'ן צאָפּ ווי אויף א סימבאָל פון פּאַט־ריאָטיזם, נאָך מעהר ווי ביי א פרומען חסיד די געקרייזעלטע פּאות. אָט דיזע פערבלענדעטע פּאַטריאָטען פערגעסען נאָך היינט אז די גזרה פון די צעפּ איז בעשאַפען געוואָרען פון די מאַנדשום כדי די זיעגער זאָלען קענען לייכט אָנכאַפּען זייערע פערשקלאַפּ־טע כינעזער און זיי פיהרען צום טויט! די זעלבע זאַך האָבען די מאַנדשום איינגעפיהרט די באַרבאַרישע מאָדע, אז כינעזישע מיידלאַך מוזען האָבען קליינע פיסעלאַך דורך קוועטשען מיט מאַשינעס ווען זיי ליעגען נאָך אין וויגעלע — כדי זיי זאָלען שפּעטער ניט קענען אַנטלויפען פון די יעניגע וועלכע האַלטען זיי פערשלאָסען פאַר זייער אייגענע עולם־הזה. אזוי איז אימער געוועזען מיט די פערבלענדעטע מענשהייט כמעט ביי אַלע ראַסען צו קוקען אויף דעם מענשען'ס קללה ווי אויף א זיסע ברכה פון הימעל! האָבען מיר ניט איבעראַל מענשען וועלכע ווערען שקלאַפען צו זייער אייגענער שקלאַפעריי?

## 2. — דריי קללות פון די כינעזער.

עס זיינען דאָ וועניג פעלקער וואָס זיינען אזוי עהרליך, מאָראַליש און טהעטיג ווי די כינעזער. ווען רייכע סוחרים אין יאַפּאַן אָדער אין אינדיען ווילען האָבען א פעהיגען מאַן אויף וועמען מען קען זיך פערלאָזען, גיבען זיי דעם פּלאַץ בעסער צו א כינעזער, וועלכער איז בעקאַנט אין אָריענט און איבעראַל, אַלס א מוסטער פון עהרליכקייט. זיי אַרבייטען ווי פערד, זיי לעבען זעהר קאַרג, זיי זיינען שטיל ווי טויבען (און צוליעב דיזע מעלות לאָזט מען זיי ניט אַריין ביי אונז אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, ווייל מען האָט מורא פאַר מענשען וועלכע אַרבייטען 18 שטונ־

דען אין מעת־לעת און לעבען מיט 2 דאָלאַר אַ וואָך). אַז זיי זיינען אויך גרויסע אַרטיסטען איז גענוג אָנצוקוקען זייערע אַרטיסטישע וואַזעס פון טויזענדע יאָהרען צוריק, זייערע פּאָרצעלייענע און בראָנזענע סטאַטועןן, זייערע גאָלד־אויסגעוועבטע בילדער אויף זיידענס, און זייער עסטהעטישער געשמאַק געהט אַזוי ווייט, אַז זיי האָבען פערוואַנדעלט אין אַ קונסט זאָגאַר די גראָבע אַרבייט פון וואַשען וועש, און דאַרום קען דער אַמעריקאַנער ניט קאָנקורירען מיט די כינעזישע „לאונדרים", אָדער וועשערייען. די כינעזער וואָלטען אַלזאָ געווען אַ מוסטער־נאַציאָן ווען ניט דיזע דריי קללות אין זייער בערגאַנגענהייט :

1) זייער רעליגיעזע דיענסט צו פערגעטערען זייערע אור־אור־עלטערן, אַז אַלעס וואָס זייערע עלטער־זיידעס האָבען געזאָגט אָדער געטהאָן איז קודש־קדשים. ווען מענשען האַלטען שטענדיג די אויגען געריכטעט צוריק אויף דער פערגאַנגענהייט אַנשטאָט צו בליקען אויף דער צוקונפט, מוזען זיי איינשלאָפען אין פערשקלאַפונג און אונוויסענהייט.

2) כינאַ'ס צווייטע קללה איז געווען אָפּיום, וואָס טויטעט ביי דעם מענשען זיין אַמביציאָן צו שטייגען העכער, און מאַכט ער זאָל צופריעדען זיין מיט אַלעס, אַז ער זאָל אָנקוקען יעדען אונגליק מיט אַ מין אַזיאַטישען „גם־זו־לטובה". אַלע גרויסע ערפינדונגען וואָס מיר האָבען, זיינען געקומען פון דעם מענשען'ס אונצופריעדענהייט מיט דעם וואָס ער האָט, און דיזע שטענדיגע אונצופריעדענהייט האָט אונז געטריבען צו באַהנען, טעלעגראַפען, מאַשינעריע, און אַלעס וואָס האָט געקרוינט אונזער ציוויליזאַציאָן. אָבער די כינעזער זיינען ניט ווייטער געגאַנגען, ווייל אָפּיום האָט זיי פערשלעפּערט אין אַ זיסען היהנערפלעט פון „אויך־מיין־דאגה", וואָס מאַכט אימער אַ תל פון פראָגרעס.

3) די כינעזישע פילאָזאָפיע איז אימער געווען אַ מין נעגאַטיווע, דאָס הייסט: וואָס מען זאָל נ י ט טהאָן, ווי מען זאָל נ י ט לעבען, וואָס מען זאָל נ י ט זאָגען, נ י ט טראַכטען. אָבער דיזע כינעזישע אידעאַלען זיינען זעהר אָרים אין פּאָזיטיווע פילאָזאָפיע, דאָס הייסט: געוויסע זאַכען וואָס מען זאָל יא טהאָן, וואָס מען זאָל יא לערנען א. ז. וו.

דאָס אַלעס איז געווען אַמאָל, אָבער יעצט האָבען די כינעזער געעפענט זייערע אויגען ווי אַ ריעז וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף. כינא האָט זיך נאָך ניט אין גאַנצען אויפגעכאַפּט פון איהר היהנער־פּלעט, אָבער זי ט ש ו כ ע ט זיך שוין, און די ערוואַכונג וועט קומען, ווייל די כינעזער האָבען היינט צייטונגען איבעראַל, זייער ליטעראַטור ווערט פּראַיידעלט, און זיי האָבען מעהר קיין מורא אָנצונעהמען אַלע גוטע זאַכען, ערפינדונגען און סיסטעמען פון אונז ווייסע מענשען, וועמען זיי האָבען אימער גערופען „פאַן־קוויי” (ווייסע שדים). דער המון פון די כינעזער גלויבט נאָך עד היום אַז טיעף אונטער דער ערד דרעמילט אַ גרויסע בעסטיע, אַ מורא'דיגער „דראַגאָן”, און אַז עס איז די גרעסטע סכנה אויפצואוועקען דיזען דראַגאָן, ווייל ער קען נאָך חלילה איבערקעהרען אונזער ערד־קוגעל אין דעם אונענדליכען תהום פון תהו־ובהו. דאָס איז די אורזאַכע פאַרוואָס די כינעזישע פּויערים האָבען אַ צייט ניט געלאָזט מאַכען קיינע אייזענבאַהנען, קיינע טעלעגראַפען, ניט גראָבען קיינע טונעלען אָדער מינעס, ווייל דאָס קען חס ושלום שטערען די גרויסע בעסטיע אונטער דער ערד און איהר אויפוועקען פון איהר שלומער. אי, פון וואַנען וויים עס דער כינעזער? זיין זיידע האָט עס געהערט פון זיין עלטער־זיידען — און רעספּעקט צו די לעהרע וואָס קומט פון הייליגע קברים!

דער שלאָפענדער דראַגאָן האָט דאָך ערוואַכט פון זיין דרע־

כיל, אָבער דיזער דראַגאָן איז די כינעזישע נאַציאָן אַליין. ביל־
דונג האָט אויפגעוועקט די גרויסע כינעזישע נאַציאָן וועלכע
זוכט צו געניסען די פרוכט פון ציוויליזאַציאָן מיט'ן שטים־קאַס־
טען אין האנד !

## 3. — רעליגיאָן און קבלה ביי כינעזער.

די הויפט רעליגיאָנען אין כינאַ זיינען קאָנפוציאַניזם, בוד־
היזם, טאַאָאיזם — און אויך מאַחמעדאַניזם אין די נאָרד און
וועסט פראָווינצען. די רעליגיאָן פון בודהאַ איז געבראַכט גע־
וואָרען אין כינאַ אין דער צייט פון חורבן בית שני. אין דיזען
קאַפּיטעל וועלען מיר זיך אָבשטעלען בלויז וועגען די נאַציאָנאַלע
רעליגיאָן פון קאָנפוציוס, אָדער ווי די כינעזער רופען איהם
קאָן־פו־טצע, דער בעריהמטער פילאָזאָף, וועלכער האָט געבליהט
אַ פינף־הונדערט יאָהר פריהער פאַר'ן גרינדער פון קריסטענ־
טהום, ווען כמעט גאַנץ כינאַ איז געוועזן געזונקען אין גזלה,
רציחה און אַלערליי מעשים תעתועים. ער האָט אָנגעפאַנגען זיין
קאַריערע אַלס לעהרער און אין אַ קורצע צייט האָבען זיך אָן
איהם אָנגעשלאָסען ביז 3000 תלמידים, זיינע נאָכפאָלגער, און
ער פלעגט אימער אָנפאַנגען זיינע דרשות מיט פּאָעטישע מאַק־
סימען, ווי למשל, זיין רעדע איבער'ן מענשען'ס לעבען וואָס
פאַנגט אָן אַזוי :

דער גרעסטער בארג מוז צוזאַמען פאַלען,
דער שטאַרקסטער מאַרמאָר־זייל מוז ברעכען —
דער גרעסטער חכם מוז פערגעהן ווי אַ בלום.

קאָנפוציוס האָט קיין מאָל ניט בעהויפּטעט אַז ער איז בע־
גייסטערט מיט רוח הקודש, אַז ער האָט אַ געטליכע שליחות. ער
האָט ארויסגעטרעטען אַלס פילאָזאָף, אַלס וועג־ווייזער און מאָ־

ראליסט. פיעלע פון זיינע פסוקים האבען נאך היינט א שעהנע מיינונג, און מאנכע פון זיי זיינען זאגאר לעבעדיגע פערל, ווי למשל די פאלגענדע שפריכע:

„דער אמת־גרויסער מאן זוכט די מעלות וואס פעהלען איהם אליין, אבער דאס קליין מענשעלע זוכט שטענדיג די מעלות וואס יענער האט ניט".

„דער וואהרער גרויסער מאן איז ניט דער וועלכער לייגט זיין הסכמה אויף גרויסקייט דער־פאר וואס איינער האט א גלאטען צינגעל אדער קען שרייבען שעהנע ווערטער וואס זאגען גארניט, נור דער יעניגער וועלכער רעדט עפעס יעדעס מאל ווען ער זאגט וואס, וועלכער טהוט מעהר וויפיעל ער רעדט".

„ווען איינער לערענט א סך חכמות, אבער ער פערדייהט זיי ניט דורך נאכדענקען ערנסט, איז זיין לערנען אומזיסטע ארבייט. וויעדער גלאט פי־לאזאפירען ווען מען האט ניט געלערענט, פער־פיהרט דעם זאגענאנטען דענקער אויף א פאלשען וועג".

„א מענש וועלכער איז פארזיכטיג איידער ער טהוט עפעס, פערשפארט חרטה צו האבען נאכ־דעם ווי ער האט שוין אבגעטהאן".

**כינא** האט שוין געהאט א ציעמליך אינטערעסאנטע לי־טעראטור א לאנגע צייט פאר קאנפוציוס, א ליטעראטור וואס איז בעשטאנען פון לעגענדען, פאעמעס און איבערהויפט אב־האנדלונגען איבער רעליגיאן וואס זיינען געוועזן זעהר דונקעל, וואהרע קבלה, איבער דעם אורשפרונג פון דער וועלט, איבער דעם אנפאנג פון גאטהייט און עהנליכע איבערנאטירליכע פראַ־

גען וואָס האָבען געמאַטערט די מעטאַפיזיקער פון אַלע צייטען, פון איוב ביז קאַנט. ווי קאָנפוציוס איז ערשיענען, האָט ער אָנ־געפאַנגען אויסטייטשען די דונקעלע קלאַסיקער און ער האָט זיך בעמיהט אויך צו ערקלעהרען דאָס וואָס איז אונערקלעהרליך. ער האָט געשריבען אַ הקדמה צו דעם בוך שו־קינג (דאָס בוך פון מעשי־בראשית), ער האָט רעדאַקטירט און אויסגעבעסערט די שי־קינג (פּאָעמעס פון אַלטערטהום) וואָס ענטהאַלטען 305 פּיוטים וועגען גאָטהייט, נשמה, ליעבע און נאַטור. אַ בוך וואָס קאָנפוציוס האָט אַליין געשריבען איז טשון־טינג (פריהלינג און הערבסט), אויף וואָס די כינעזער קוקען ווי אויף זיין גרעסטע מייסטערשטיק. עס בעהאַנדעלט היסטאָריע און אמונה. ווען מען בעטראַכט ווי לאַנג צוריק דיזער מאַן האָט געלעבט, מוז מען צו־געבען, אַז ער איז געווען אַ גדול אין וואָהרען זין פון וואָרט, און עס איז ניטאָ וואָס זיך צו וואונדערען וואָרום הונדערטע מיל־יאָנען מענשען פערביינגען זייערע קעפּ מיט רעספּעקט נאָך היינט פאַר דיזען פילאָזאָף און געזעטץ־געבער, וועלכער האָט פער־איינינגט ביז אַ געוויסע מאָס אַ שעהנעם געשמאַק אין ליטעראַ־טור מיט פילאָזאָפיע, פּאָליטיק און רעליגיאָן.

## 4. — כינאַ און די אידען.

כינאַ, וואָס רופט זיך אויך „דאָס קייזערדייך פון הימעל", איז געווען בעקאַנט אין איראָפּא אין אַלטערטהום אונטער דעם נאָמען צערעס, אָבער אין מיטעל־אַלטער אונטער דעם נאָמען קאַטהע — און אין רוסיש ווי אויך אין די אַנדערע סלאַווישע שפּראַכען הייסט נאָך יעצט דאָס לאַנד „קיטאַי", ווי די איי־ראָפּעער האָבען עס גערופען אין מיטעל־אַלטער. מאַנכע פילאָ־זאָפען דענקען אַז „ארץ־סינים" פון ישעיה מ"ט, מיינט דאָס

לאַנד פון די כינעזער, דאָס וואָס שיינט זעהר מעגליך לויט דעם צוזאַמענהאַנג פון פסוק.

אַז אידען האָבען זיך בעזעצט אין כינא מינדעסטענס מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק, איז היינט בעוויזען געוואָרען היס־טאָריש. די אידען הייסען אין כינעזיש טשו־הו, וואָס אַנדערע פילאָלאָגען מיינען, אַז דאָס איז אַ פערגרייזטער וואָרט פון „יוהוד", אָבער וואָס איך גלויב אַז דאָס מיינט גיכער די גלויבער אין גאָט יהו, ווי מען האָט אין אַלטערטהום איבערגעשריבען דעם שם המפורש. — נאָר ווי די זאַך איז, האָט די היסטאָריע אין מיטעל־אַלטער ניט געוואוסט פון דער עקזיסטענץ פון אידען אין כינא, ערשט אין אַנפאַנג פון 17טען יאָהרהונדערט, האָבען די יעזואיטען אויסגעפונען דורך אַ צופאַל די כינעזישע אידען אין קאַי־פענג־פו, און עס איז שוין געווים בעקאַנט צו די לעזער פון די טעגליכע צייטונגען וועלכע האָבען די לעצטע צעהן יאָהר מעהר ווי איין מאָל בעשריבען וועגען דיזע פליטת ישראל פון קאַי־פענג־פו, זייער בית המקדש, זייערע רעליגיעזע מנהגים, זייער בעשעפטיגונג, זייערע תפלות און ליטעראַטור. אַזוי ווי די קאַטהאָלישע מיסיאָנערען זיינען געווען די ערשטע וועלכע האָבען זיך בעקענט מיט אונזערע פערלאָרענע ברידער אין כינא, איז זיי געלונגען פיעלע צו טויפען, און ערשט אָם ענדע פון לעצטען יאהרהונדערט האָבען אידישע אָרגאַניזאַצ־יאָנען זיך פעראינטערעסירט מיט די אידען פון קאַי־פענג־פו. אָבער זייער צאָהל ווערט קלענער און קלענער, און זיי לעזען שוין אויף די בערג פון כינא זייער זאָנען־אונטערגאַנג. זיי ווערען ביסלעכווייז אויסגעמישט מיט די כינעזער, צו וועמען זיי האָ־בען גרויסע עהנליכקייט.

אויב ישעיה האָט מיט „ארץ הסינים" ווירקליך געמיינט כינא, איז דער נאָמען קיין קאָמפּלימענט פיר די כינעזער, ווייל

„סין" אין העברעאיש מיינט בלאָטע, דען „סין" וואָס איז אַ שטאָדט אין מזרח־גרענעץ פון מצרים איז זעהר אַ זומפּיגער פּלאַטץ. אין אראַביש פּונקט ווי אין אראַמיש הייסט דער זעל־בער פּלאַטץ „טינא", וואָס מיינט אויך בלאָטע. מיר האָבען וויע־דער אין דער ביבעל דעם „מדבר סין", די וויסטענים צווישען עלים און בארג סיני (שמות ט"ו, ו') און אין בראשית ד' 17 ווערט אויך דערמאָהנט אַ קאָלאָניע מיט'ן נאָמען „סיני", וואָס איז געווען אין אַ זומפּיגען פּלאַץ נעבען לבנון. ישעיה'ס „ארץ הסינים" מיינט אלזאָ „בלאָטע־לאַנד" — „בלאָטע־טאָון" ווי אונזער פריינד תשר"ק רופט זיין פּעליעטאָן־שטעדטיל — אַ וואָרט וואָס איז פון עכט־העברעאישער אָבשטאַמונג און האָט וואהרשיינליך גאָרניט צו טהאָן מיט'ן נאָמען „טשין", דער כי־נעזישער נאָמען פאַר כינאַ.

איבריגענס, מאַנכע אַלטע כינעזישע ווערטער זיינען אַזוי דונקעל אַז זאָגאַר די היינטיגע גרויסע ליטעראַטען אין כינאַ האָבען שוין פערגעסען זייער מיינונג, און זיי ערקלעהרען פיעל נעמען און ווערטער מיט פּוסטע פּלפּולים, ווי עס טהוען אונזערע מחקרים מיט מאַנכע דונקעלע שטעלען אין אונזער העברעאישען ביבעל. יעצט קען מען זיך שוין לייכט פאָרשטעלען וועלכע קאָ־מישע ערקלעהרונגען מען קען ערוואַרטען ווען אַזעלכע דונקעלע כינעזישע ווערטער פאַלען אריין ביי אייראָפּעאישע אָדער אַמע־ריקאַנישע קאָרעספּאָנדענטען וועלכע שיקען אוים די נייעס פון כינאַ. מעהר ווי איין קאַבעל־דעפּעשע האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדער זין ווי דער קאָרעספּאָנדענט מיינט, אָדער גאָר קיין זין,

ווי איך האָב עס בעוויזען מיט פילאָלאָגישע איינצעלהייטען אויף דער עדיטאָריעלער זייט פון דער זאָנטאַג'ס אויסגאַבע פון דער „ניו יאָרק סאַן" 22טען אָקטאָבער 1911, איבער געוויסע כינעזישע ווערטער און זייער ריכטיגע בעדייטונג.

## 5. — די אַלטקייט פון כינאַ.

28 דינאַסטים, וועלכע האָבען צוגעשטעלט 245 הערשער, דאַרונטער שוין דער לעצטער פינף־יעהריגער קייזער'ל פו־יאי, און ניט אַריינגערעכנט אין דער ליסטע יענע מיטהאָלאָגישע מאָנאַרכען וועלכע די כינעזער אַליין בעטראַכטען אַלס פאַבעלהאַפט — דיזע אַלע פּרינצען האָבען רעגיערט איבער כינאַ באַלד 5000 יאָהר. דיזער מערקווירדיגע אור־אַלטע נאַציאָן קען ציינען מיט שטאָלץ אויף איהר טהראָן וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין די זעלבע צייט ווען אשור און בבל האָבען געהערשט אין אזיען, און וואָס האָט איבערגעלעבט אַלע סעמיטישע מאָנאַרכיען. אונטער דער צייט וואָס די כינעזישע מלכים האָבען געהאָלפען בויען דעם גרויסען מויער אַרום גאַנץ כינאַ, א פעסטונג וואָס שטעהט נאָך היינט, האָבען אַנדערע אימפּעריעס זיך אויפגעהויבען, האָבען רעגיערט, אָבער זיי זיינען צוריק פערשוואונדען ווי זייף־בלאָזען. מען מוז זיי געהן זוכען אַרום די פּיראַמידען פון מצרים, צווישען די פערשוואונדענע ציוויליזאַציאָנען אין ביבליאָטהעק אָדער אין מוזעאום, — אָבער כינא שטעהט נאָך ווי זי איז געווען. די מעכטיגסטע מאָדערנע קעניגרייכען פון אייראָפּא זעהען

אוים ווי עופה׳לאך וועט זיי ווילען זיך מעסטען אין יאָהרען מיט כינא, דען וועהרענד זיי צעהלען זייער עקזיסטענץ אויף די הונ־דערטע יאָהרען, רעכענט כינא איהר עקזיסטענץ אויף ט ו י ־ ז ע נ ד ע ר יאָהרען.

אָבער כינא שטעהט מעהר ניט ווי געוועןוואָס אנבעטרעפט פראָגרעס, דען וואָס קען זיין נעהנטער צום פראָגרעס ווי א רע־פובליק? די כינעזישע רעפובליק איז געגרינדעט און די קליינע רייסענים פון וועלכע מען הערט נאָך דאָרט, וועלען באלד אויפ־הערען.

איין זאך איז זיכער, אז ווי דער קאמפף וועט זיך ענדיגען, וועט אלץ כינא ארויסקומען געלייטערט, אויפגעקלעהרט, און זי וועט בעסער קענען איהר מאכט.

דער דראגאָן ווישט די אויגען, דער שלאָפעדיגער ריעז האָט ערוואכט.